ראבערט ל. סטיווענסאן.

# דאקטאר דזשייקעל און מר. האַיד.

איבערזעצט פון ב. ראוז.

לאָנדאָן, 1911.

געדרוקט ביי י. נאַראָדיצקי, 48 מייל ענד ראָוד, איסט.

# אינהאלט.

---

## דר. דזשייקעל און מר. האיד.

| | |
|---|---|
| | זייטע. |
| די געשיכטע מיט דער טהיר ... ... ... | 7 |
| מר. האַיד ווערט געזוכט ... ... ... ... | 16 |
| דר. דזשייקעל אונגעשטערט ... ... ... ... | 27 |
| די ערמאָרדונג פֿון סער קעריו ... ... ... | 31 |
| דער בריעף ... ... ... ... ... | 37 |
| די מערקווירדיגע פּאַסירונג מיט דר. לעניאָן ... ... | 44 |
| ביים פֿענסטער ... ... ... ... ... | 50 |
| די לעצטע נאַכט ... ... ... ... ... | 53 |
| דר. לעניאָן'ס ערצעהלונג ... ... ... ... | 70 |
| הענרי דזשייקעל'ס פֿולע ערקלעהרונג וועגען זיך אַליין ... | 80 |

---

## מעשה'לאך.

| | |
|---|---|
| דאָס זינקענדע שיף ... ... ... ... | 105 |
| די צוויי שוועבעלאַך ... ... ... ... | 108 |
| דער קראַנקער און דער פֿייער-מאַן ... ... ... | 110 |
| דער טייוועל און דער בעל-אכסניה ... ... ... | 112 |

זייטע

# די געשיכטע מיט דער טהיר.

מיסטער אטערסאָן, דער אַדוואָקאַט, איז געווען אַ מאַן מיט אַ גראָבען, ביסטרען פנים, וואָס איז קיינמאָל ניט בעלויכטען געוואָרען פון אַ שמייכעל. גערעדט האָט ער אימער מיט אַ קאַלטען טאָן, פלעגט צעהלען די ווערטער, אַזוי ווי ער וואָלט ניט געווען זיכער מיט זיך אַליין; און פונקט אַזוי קאַלט און צוריקגעהאַלטען אין געפיהל. ער איז געווען דאַר, הויך, שטויביג, מרה־שחורה'דיג, און דאָך אין אַ געוויסען גראַד ליעבליך. אויף פריינדליכע אונטערהאַלטונגען, און ווען דער וויין איז נור געווען נאָך זיין געשמאַק נאָך, פלעגט זיך ביי איהם אין די אויגען פונאַנדערפלאַקערן אַ מערקווירדיגער פייערל, עטוואָס ערהאַבען מענשליכעס; עפּעס אַזוינס, וואָס ער פלעגט קיינמאָל ניט קענען אַרויסגעבען אין ווערטער, וואָס פלעגט אָבער דאָך ריידען ניט נור אין דיזע שטילע אויסדריקע פון זיין נאָכ־מיטאָגדיגען פנים, נאָר אַ סך עפטער און שטאַרקער אין די האַנדלונגען פון זיין לעבען. ער האָט געהאַט אַ שטריינגע קאָנטראָלע איבער זיך; אַז ער איז געווען אַליין פלעגט ער טרינקען „דזשין"*), כדי צו פערטרייבען דעם חשק נאָך וויין; און הגם ער האָט ליעב געהאַט טהעאַטער, דאָך איז פאַר די לעצטע צוואַנציג יאָהר זיין פוס דאָרט ניט געווען. דערפאַר איז ער אָבער געווען טאָלעראַנט צו אַנדערע; צייטענווייז פלעגט ער כמעט מיט קנאה בעוואונדערן דעם הויכען גייסטעס־דרוק, וואָס איז געלעגען אין זייערע שלעכטע טהאַטען. און אין אַ נויט־פאַל, אַז דאָס וואַסער איז איינעם געקומען איבער'ן האַלז, פלעגט ער זיין גרייט גיכער צו העלפען, איידער צו שטראָפען, צו

*) אַזאַ ווייסער ספּירט.

זאָגען יענעם מוסר. „איך בין גענייגט צו קין'ס אַפּיקורסות," פּלעגט ער זאָגען: „כ'לאָז מיין ברודער געהן צום טייוועל אויף זיין אייגענעם שטייגער." מיט דיזען כאַראַקטער זיינעם האָט ער אָפּט געהאַט דאָס גליק צו זיין דער לעצטער אַנשטענדיגער בעקאַנטער און דער לעצטער גוטער איינפלוס אין די לעבענס פון זינקענדע מענשען. און צו אַזעלכע ווי די, קוים זיינען זיי נור געקומען צו איהם אין הויז אַריין, האָט ער קיינמאָל ניט געצייגט די מינדעסטע ענדע־רונג אין זיין בענעהמונג.

ס'איז קיין צווייפעל ניט, אַז דאָס איז געווען אַ לייכטע זאַך פאַר מיסטער אַטערסאָן; ווייל אין בעסטען פאַל האָט ער ניט געקענט געווינען אימיצען דורך איבערצייגונג, און אפילו זיינע פריינדשאַפטען האָבען, ווייזט אויס, אויך ניט געהאַט קיין פעסטען באַזיס. אַ בעשיידענער מענש מאַכט ניט קיין צופיעל צערעמאָניעס, ער קריגט זיין קרייז פון פריינדע פאַרטיגערהייט, אָט ווי עס מאַכט זיך; און אַזוי האָט אויך דער אַדוואָקאַט געטהאָן. זיינע פריינד זיינען געווען די פון זיין אייגען בלוט, זיינע קרובים הייסט עס, אָדער די, מיט וועמען ער איז געווען בעקאַנט אַם לייננגסטען; זיינע נייגונגען זיינען, פונקט ווי אַ מין פעטרישקע, געווען דער אויסוואוקס פון דער צייט; זיי האָבען אָן און פאַר זיך געשפּיעלט אַ גאַנץ קנאַפּע ראָלע. דערפון האָט זיך אָהן צווייפעל גענומען זיין צובונד צו מר. ריטשאַרד ענפיעלד, זיין וויטער קרוב, דער גוט־בעקאַנטער מאַן אין שטאָדט. ס'איז געווען גאַנץ שווער צו פערשטעהן, וואָס אָט די צוויי האָבען אַזוינס דערזעהן איינער אין אַנדערן, אָדער וואָס פאַר אַן אינטערעס זיי האָבען געקענט האָבען איינער אין צווייטען. די, וואָס פלעגען זיך בעגעגענען מיט זיי אויף זייערע זונטאָגדיגע שפּאַצירען, האָבען דערצעהלט, אַז זיי פלעגען גאָר ניט ריידען צווישען זיך, אַז יעדער פון זיי פלעגט אויסקוקען אומעטיג אוןביידע פון זיי פלעגען זיך פיהלען גליקליך, ווען זיי האָבען דערזעהן עפּעס אַ בעקאַנטען. דאָך, ניט קוקענדיג דערויף, האָבען דיזע צוויי מענער שטאַרק גע־האַלטען פון די שפּאַצירען און זיי בעטראַכט פאַר דעם בעסטען פערגניגען פון דער וואָך. ניט נור האָבען זיי צוליעב דעם אויפגע־געבען אַנדערע אונטערהאַלטונגען, נאָר אפילו געשעפטס־זאַכען, אַבי ניט געשטערט צו ווערן אין דעם.

אויף איינעם פֿון דיזע שפּאַצירען האָט זיך געמאַכט, אַז זיי זיינען פֿערגאַנגען אין אַ זייטען־גאַס, וואָס ליגט אין אַ רוּישיגען קוואַר־טאַל פֿון לאָנדאָן. דאָס איז געווען אַ קליין און כלומר'שט שטיל געסעל, נאָר אין מיטען וואָך פֿלעגט דאָרט זיין גאַנץ לעבעדיג. ס'האָט אויס־געזעהן, אַז די איינוואוינער פֿון דיזער גאַס האָבען געמאַכט גוטע געשעפֿטען און געהאָפֿט צו מאַכען נאָך בעסערע. צו דעם צוועק האָבען זיי אויסגעלייגט זייערע וואַארען ביי די טהירען אויף אַזאַ קאָקעטישען, חן'עוודיגען אופן, אַז די גאַנצע רייה פֿון געשעפֿטען, וואָס זיינען געשטאַנען אין דיזער גאַס, האָט אויסגעזעהן ווי אַ רייה פֿון פֿערקויפֿערינען, פֿון שעהנע פֿרויען, וועלכע שמייכלען צו די קונים. אפילו אין אַ זונטאָג, ווען אַלעס איז געווען שטיל, האָט אָט די גאַס אַרויסגעשיינט, אין קאָנטראַסט צו דעם שמוציגען געגענד אַרום, אַזוי ווי אַ פֿייער אין אַ וואַלד; און מיט איהרע פֿריש־געפֿאַרבטע לאָדענס און אָבגעפּוצטע שילדען און מיט דער אַלגע־מיינער ריינקייט איהרער האָט זי פֿערכאַפּט דאָס אויג פֿון'ם פֿערביי־געהער.

אַ פּאָר טהירען ווייט פֿון איין גאַסען־ווינקעל, אין דער לינקער האַנד צו מזרח צו, איז געווען דער אַריינגאַנג אין אַ הויף. אַ מאָדנע דריי־עקיגע געביידע האָט זיך אַרויסגעזעהן צו דער גאַס; ס'איז געווען אַ צוויי שטאָקיגעס הויז. מען האָט ניט געזעהן קיין פֿענסטער, נור אַ טהיר אויף'ן אונטערשטען עטאַזש. ס'איז קענטיג געווען, אַז דאָס הויז איז זעהר פֿערנאַכלעסיגט. די טהיר, וואָס איז געווען בע־זאָרגט אי מיט אַ גלעקעל אי מיט אַ קלאַפּער, האָט אויסגעזעהן פֿערשטויבט און בלאָטיג. אָרעמע, אָבגעריסענע שלעפּערס פֿלעגען זיך אָנבויגען אין דעם אַריינגאַנג און אָנרייבען שוועבעלאַך אויף די גלאַטע שטיינער; קינדער פֿלעגען זיך אויף די טרעפּ שפּיעלען אין קויפֿען און פֿערקויפֿען; די שוהל־אינגלאַך פֿלעגען פּרואווען זייערע פֿען־מעסערלאַך אויף די געזימסען; און במעט אַ גאַנצער דור איז אַוועק און קיינער האָט זיך ניט געיאַוועט אַוועקצוטרייבען אָט די צופֿעליגע געסט אָדער צו פֿערריכטען דעם שאָדען, וואָס זיי האָבען אָנגעמאַכט.

מר. ענפֿיעלד און דער אַדוואָקאַט זיינען געווען אויף דער אַנדער זייט געסעל; נאָר אַז זיי זיינען צוגעגאַנגען נאָהענט צו דיזען אַריינ־

גאַנג, האָט ענפיעלד אויפגעהויבען זיין שטעקען און אָנגעוויזען אויף דער געביידע.

„האָט איהר ווען בעמערקט אָט די טהיר?" האָט ער געפרעגט; און ווען זיין פריינד האָט געענטפערט יאָ, האָט ער צוגעלייגט: „זי דערמאָהנט מיר אָן אַ זעהר מאָדנער געשיכטע."

„ווירקליך!" האָט זיך מר. אַטערסאָן אָבגערופען, און זיין שטימע האָט זיך אַביסעל געענדערט. „און וואָס איז דאָס פאַר אַ געשיכטע?"

„אָט וואָס עס האָט פאַסירט," האָט מר. ענפיעלד געענטפערט. „איינמאָל בין איך געגאַנגען אַהיים פון אַ וויימען פלאַץ, ערגעץ וואו אין עק וועלט. ס'איז געווען אַ פינסטערער ווינטערדיגער פריה־מאָרגען, אַרום דריי אַזייגער. איך בין געגאַנגען אויף אַזאַ וועג, וואו מען האָט קיין אַנדער זאַך ניט געזעהן נור לאַמטערנעס, לויטער לאַמטערנעס. אַ גאַס נאָך אַ גאַס, און אַלע איינוואוינער שלאָפען — אַ גאַס נאָך אַ גאַס, אַלע בעלויכטען ווי צו אַ פראָצעסיאָן, און אַלע אַזוי פוסט ווי אין אַ קירכע — ביז איך בין ענדליך געקומען צו יע־נעם גייסטעס־צושטאַנד פון אַ מענשען, וואָס האָרכט און האָרכט און הויבט אָן בייגקען און גאַרען צו דערזעהן אַ פאָליציי־מאַן. פלוצ־לינג האָב איך דערזעהן צוויי פיגורען: איינע אַ נידעריגער מאַן, וואָס איז געלאָפען גאַנץ שנעל אַראָב־גאַס, און די צווייטע אַ מיידעלע פון אַ יאָהר אַכט אָדער צעהן, וואָס איז געלאָפען אַזוי שנעל ווי זי האָט נור געקענט מיט דער גאַס אַרויף, דאָס הייסט אַנטקעגען דעם מאַן. מילא, וואָס זאָל איך אייך זאָגען? ביים עק פון דער גאַס זיינען די ביידע, פערשמעהט זיך, אַריינגעלאָפען איינס אין אַנדערן; און דאַן האָט פאַסירט דאָס שרעקליכע. דער מאַן האָט קאַלטבלוטיג אַריבער־געטראָטען איבער דעם מיידעלע'ס קערפער און איז זיך אַוועק זיין וועג, איבערלאָזענדיג דאָס שרייענדע קינד אויף דער ערד. ס'קלינגט גאָרנישט, ווען מען הערט עס, אָבער ס'איז געווען שוידערליך עס אָנצוקוקען. דאָס האָט גאָר ניט אויסגעזעהן ווי קיין מענש; ס'איז געווען ווי אַ פערפלוכטער שד. כ'האָב געגעבען אַ געשריי, זיך אַ לאָז געטהאָן נאָך דיזען דזשענטעלמאַן, האָב איהם געפאַקט ביים קאָלנער און איהם געבראַכט צוריק צום פלאַץ, וואו ס'איז שוין געווען פערזאַמעלט אַ גרופע פון מענשען אַרום קינד. ער איז געווען גאַנץ געלאַסען און האָט זיך גאָר ניט געוועהרט, נאָר ער האָט אויף מיר

אויסגעשטעלט אַ פּאָר אויגען, אַזוי עקעלהאַפּט, אַז איך בין אָבגע־
גאַסען געוואָרען מיט שווייס, אַזוי ווי פון לויפען. די, וואָס זיינען
געשטאַנען אַרום קינד, זיינען געווען איהרע קרובים, איהר פאַמיליע;
און באַלד איז אויך אָנגעקומען דער דאָקטאָר, נאָך וועמען זי איז
פריהער געלאָפען. נאַ, דאָס קינד איז ניט געפעהרליך, מעהר איבער־
געשראָקען ווי עפּעס אַנדערש, — דאָס איז געווען דעם דאָקטאָר'ס
מיינונג; און דערמיט וואָלט, דוכט זיך, געדאַרפט נעהמען אַ סוף צו
דער געשיכטע. אָבער דאָ האָט פּאַסירט עטוואָס מערקווירדיגעס. איך
האָב געפיהלט אַן אויסערגעוועהנליכען האַס צו מיין דזשענטעלמאַן,
אַזוי גיך ווי איך האָב איהם נור דערזעהן. דאָסזעלבע איז אויך געווען
דער פאַל מיט דעם קינד'ס פאַמיליע, און דאָס איז דאָך גאַנץ נאַ־
טירליך. נאָר מעהר פון אַלע האָט מיך פעראינטערעסירט דער דאָק־
טאָר מיט זיין האַלטונג. ער איז געווען פון דעם גאַנץ געוועהנליכען
סאָרט אַפּטייק־לייט, וואָס עס איז שווער זיי צו בעשרייבען, אָהן אַ
ספּעציעלען עלטער אָדער קוליער, מיט אַ שאָטלענדישען אַקצענט,
און אַזוי געפיהלפול ווי אַ זאַק־פּייפעל. מילא, וואָס זאָל איך אייך
זאָגען? ער האָט דאָ אין דעם פאַל געפיהלט פונקט ווי מיר אַלע:
יעדעס מאָל, וואָס ער האָט אַ קוק געטהאָן אויף מיין אַרעסטאַנט,
איז ער געוואָרען אַלערליי קוליערען און ער האָט איהם פּשוט גע־
וואָלט דער'הרג'ענען אויף טויט. איך האָב פערשטאַנען, וואָס עס
קומט פאָר אין זיינע געדאַנקען, אַזוי ווי ער האָט געקענט זעהן,
וואָס עס געהט פאָר ביי מיר אין מוח; און אַזוי ווי ס'האָט ניט גע־
קענט זיין קיין רייד פון הרג'ענען, האָבען מיר געטהאָן דאָס בעסטע,
וואָס מיר האָבען אונטער די אומשטענדען געקענט טהאָן. מיר האָבען
דעם חברה־מאַן געזאָגט, אַז מיר קענען און מיר וועלען דערפון
מאַכען אַזאַ סקאַנדאַל, אַז זיין נאָמען זאָל עפּוש'ן פון איין עק לאָנדאָן
ביז'ן צווייטען, אויב ער האָט עפּעס פריינד אָדער קרעדיט, מעג ער
זיכער זיין, אַז ער וועט אַלעס פערלירען. און אין דערזעלבער צייט,
וואָס מיר זיינען געווען פערנומען דערמיט איהם איינצושרעקען,
האָבען מיר געמוזט אָבהאַלטען די פרויען, וועלכע וואָלטען איהם אודאי
צוריסען פאַר צאָרן, ווען מיר לאָזען זיי נור צו. כ'האָב נאָך קיינמאָל
ניט געזעהן אַ קרייז פון מענשען מיט אַזעלכע בייזע, אויפגערעגטע
פנים'ער; און דאָ אין רעכטען מיטען פון דעם צוקאָכטען עולם איז

געשטאַנען דער מאַן מיט אַ מין שוואַרצער, פֿערביסענער קאַלטקייט— דערשראָקען אויך, דאָס איז קענטיג געווען — נאָר ער האָט עס אַרי- בערגעטראָגען — הערט איהר? ווירקליך ווי דער טייוועל. „אויב איהר ווילט מאַכען אַ סקאַנדאַל פֿון דיזען אונגליקס-פֿאַל," האָט ער זיך אָבגערופֿען, „קען איך נאַטירליך גאָר ניט העלפֿען. אַ דושענטעלמאַן ווי איך זוכט, פֿערשטעהט זיך, מיט אַלע מעגליכקייטען אויסצומיידען סקאַנדאַלען," האָט ער ווייטער געזאָגט. „לאָמיך הערען וויפֿיעל איהר ווילט דערפֿאַר." מילא, מיר האָבען איהם אַרויפֿגעשרויפֿט ביז אַ הונ- דערט פֿונט פֿאַר דעם קינד'ס פֿאַמיליע; ער האָט געזוכט פֿערשיע- דענע וועגען, ווי אַזוי זיך אַרויסצומאַכען; אָבער ער האָט ענדליך איינגעזעהן, אַז מיר מיינען עס אַלע צו ערנסט, און עס איז זיך ניט צו שפּיעלען מיט אונז, האָט ער צוגעשלאָגען. איצט איז געקומען די פֿראַגע וועגען קריגען דאָס געלד; און וואוהין, מיינט איהר, האָט ער אונז געפֿיהרט, אויב ניט צו דיזען פּלאַץ מיט דער טהיר? — האָט אַרויסגענומען אַ שליסעל פֿון טאַש, איז אַריין אינעווייניג און אין אַ ווײַלע אַרום איז ער אַרויסגעקומען מיט צעהן פֿונט אין גאָלד און אַ טשעק אויף דאָס איבעריגע. דער טשעק איז געווען אויסגע- שטעלט אויף קאוט'ס באַנק און אונטערשריבען מיט אַ נאָמען, וועלכען איך קען דאָ ניט דערמאָנען, הגם עס איז פֿערבונדען מיט מיין ער- צעהלונג, נאָר דאָס איז געווען אַ גוט בעקאַנטער און אָפֿט געדרוק- טער נאָמען. ס'איז אפילו אַ היבשע סומע, נאָר די אונטערשריפֿט איז גוט גענוג פֿאַר מעהר ווי דאָס, אויב זי איז נור ריכטיג, אַזוי האָב איך זיך געטראַכט. כ'האָב זיך גענומען די פֿרייהייט צו געבען דעם חברה־מאַן אָנצוהערען, אַז דער גאַנצער עסק קוקט מיר עפּעס אויס פֿערדעכטיג; אַז אין ווירקליכען לעבען טרעפֿט זיך ניט, אַז אַ מענש זאָל אַריינגעהן דורך אַ קעלער־טהיר בעגינען צו טאָג, אַרום פֿיער אַזייגער, און אַרויסקומען מיט אַ פֿרעמדען'ס אָנווייזונג אויף גענויע הונדערט פֿונט. אָבער ער איז געווען גאַנץ רוהיג ביי זיך און האָט געלאַכט. „זייט רוהיג", האָט ער געזאָגט, „איך בלייב מיט אייך ביז די באַנק וועט זיך עפֿענען און איך וועל דעם טשעק אַליין אויס- בייטען." נאָך דיזער ערקלעהרונג זיינען מיר אַלע, דער דאָקטאָר, דעם קינד'ס פֿאָטער, אונזערע פֿריינד און איך, אַוועק צו מיר אַהיים און האָבען פֿערבראַכט ביז אין דער פֿריה. נאָך אָנבייסען זיינען מיר

אַלע אַװעק אין באַנק. דעם טשעק האָב איך אַלײן דערלאַנגט און געזאָגט, אַז איך גלױב, אַז ער איז אַ געפעלשטער. אָבער איך האָב אַ טעות געהאַט. ס'איז געװען אַ גוטער, ריכטיגער טשעק."

„פוי־פוי!" האָט מר. אַטערסאָן אױסגערופען.

„איך זעה, אַז איהר פיהלט פונקט װי איך," האָט ענפיעלד געזאָגט. „יאָ, ס'איז אַ מיאוס'ע געשיכטע. װאָרים מײן חברה־מאַן איז אײנער פון יענע לײט, מיט װעמען קײנער װאָלט ניט װעלען האָבען צו טהאָן, אַ װירקליך פערדאַמטער בחור; און די פערזאָן, װאָס האָט אַרױסגעגעבען דעם טשעק, איז אײנער פון די אָנשטענדיגסטע, בערידהמטע מענער, און (װאָס איז נאָך ערגער פון אַלץ) אײנער פון אײערע לײט, װאָס טהוען דאָס, װאָס זײ רופען אָן גוט. אַ געשיכטע מיט לאַ־יחרץ־געלד, װײזט אױס; אַן עהרליכער מאַן בעצאָהלט שטילערהײט פאַר די פעהלערן, װאָס ער האָט בעגאַנגען אין דער יוגענד. אַ לאַ־יחרץ־געלד־הױז רוף איך אַלזאָ דעם פלאַץ מיט דער טהיר. הגם דאָס גיט נאָך אױך ניט קײן פאָלשטענדיגע ערקלעהרונג איבער אַלעם," האָט ער צוגעלײגט; און בײ די װערטער האָט ער זיך פערטיעפט אין געדאַנקען.

אָבער ער האָט לאַנג ניט געטראַכט. מר. אַטערסאָן האָט איהם גלײך אױפגעװעקט פון זײן פערטיעפטקײט, אַ פרעג טהאָנדיג גאָר פלוצלינג: „און איהר װײסט ניט, צי דער מאַן, װאָס האָט אַרױסגעגעבען דעם טשעק, װאױנט דאָרט אין הױז?"

„אַ פאַסענדער פלאַץ, ניט אמת?" האָט ענפיעלד געענטפערט. „אָבער איך האָב גראָד בעמערקט דעם אַדרעס; ער װאױנט ערגעץ װאו אױף אַ סקװער."

„און איהר האָט גאָר קײנמאָל ניט געפרעגט װעגען — דעם הױז מיט דער טהיר?" האָט אַטערסאָן געזאָגט.

„נײן, מײן פרײנד, אין אַזעלכע זאַכען פיהר איך זיך אױף גאַנץ דעליקאַט," האָט ענפיעלד געענטפערט. „איך האַלט ניט פון שטעלען פראַגען; דאָס שמעקט צופיעל מיט דעם אָנגאַנג פון'ם יום הדין. איהר שטעלט אַ פראַגע, און עס איז פונקט װי ריהרען אַ שטײן פון אָרט. איהר זיצט זיך רוהיג אױף'ן שפיץ באַרג; און אַרונטער געהט דער שטײן, ריהרענדיג און מיטשלעפענדיג אַנדערע; און אײדער איהר קוקט זיך אום טרעפט עס אַ זיסען, גוטען, אונשולדיגען

פערבייגעהער (דעם סאַמע לעצטען, וואָס איהר האָט אין זינען געהאַט) אין קאָפּ, און די פאַמיליע מוז בייטען דעם נאָמען. ניין, מיין פריינד, דאָס איז ביי מיר אַ כלל: וואָס פערפּלאָנטערטער אַ זאַך איז, אַלץ ווינציגער פראַגען פרעג איך."

„זעהר אַ גוטער כלל," האָט דער אַדוואָקאַט בעמערקט.

„איך האָב אָבער דעם פּלאַץ אַליין אויסגעפאָרשט," האָט ענ־פיעלד ווייטער געזאָגט. „עס זעהט קוים אויס ווי אַ הויז. ס'איז מעהר ניטאָ ווי די איין טהיר, און אויך דורך דער געהט קיינער ניט אַריין אָדער אַרויס, נור זעלטען ווען דער מאַן, פון וועמען איך רייד דאָ. אויף'ן ערשטען שטאָק זיינען דאָ דריי פענסטער, וועלכע קוקען אַרויס אין הויף; אונטען קיין איינס ניט. די פענסטער זיינען אימער צוגע־מאַכט, נאָר זיי זיינען ריין. און דאַן איז דאָ אַ קוימען, פון וואַנען עס געהט מייסטענטיילס אַ רויך, דאָס הייסט, אַז אימיצער מוז דאָרט וואוינען. און דאָך איז דאָס ניט אַזוי זיכער; ווייל די געביידען אין יענעם הויף זיינען אַזוי צוזאַמענגעפּאַקט אינאיינעם, אַז עס איז שווער צו דערקענען, וואו איינע פאַנגט זיך אָן און וואו די אַנדערע ענדיגט זיך."

אַ ווייլע זיינען זיי ביידע געגאַנגען ווייטער און האָבען געשוויגען. דאַן האָט זיך אַטערסאָן אָבגערופען: „ענפיעלד, איהר ווייסט? ס'איז גאָר אַ גוטער כלל אייערער."

„יאָ, כ'מיין עפּעס אַזוי," האָט ענפיעלד געענטפערט.

„אָבער פונדעסטוועגען," האָט דער אַדוואָקאַט ווייטער געזאָגט, „וואָלט איך אייך געוואָלט פרעגען איין זאַך: איך וואָלט וועלען פרעגען אויף דעם נאָמען פון'ם מאַן, וואָס האָט אַריבערגעטראָטען איבער'ן קינד."

„נאַ," האָט ענפיעלד געענטפערט, „כ'קען ניט זעהן קיין בייז אין דעם. דאָס איז געווען אַ מאַן מיט'ן נאָמען הייד."

„הם," האָט אַטערסאָן געזאָגט. „וואָס פאַר אַ סאָרט מענש איז דאָס? ווי זעהט ער אויס?"

„ס'איז ניט אַזוי לייכט איהם צו בעשרייבען. ער זעהט אויס גאָר ניט ווי געהעריג איז: עס ליגט עטוואָס אונאַנגענעהמעס, עטוואָס מורא'דיג אָבשטויסענדעס אויף זיין געזיכט. כ'האָב נאָך קיינמאָל ניט געזעהן אַ מענשען, וואָס זאָל מיר אַזוי ניט געפעלען ווי ער, און דאָך, פרעגט מיך פאַרוואָס, ווייס איך כמעט ניט. ער מוז זיין אַ קאַליקע, ער מוז אודאי זיין פערקריפּעלט ערגעץ וואו; אַזאַ איינדרוק מאַכט

ער אויף אייך, הגם איך קען ניט זאָגען בעשטימט וואו. ער האָט אַן אויסערגעוועהנליכען אויסזעהן, און דאָך קען איך קיין זאַך ווענען איהם ניט אָנרופען מיט'ן נאָמען. ניין, מיין פריינד, כ'קען איהם ניט בעשרייבען. און ס'איז ניט די שולד פון מיין זכרון; ווייל איך ער־קלעהר אייך גאַנץ איינפאַך, אַז ער שטעהט מיר פאַר די אויגען."

ווידער זיינען זיי אָבגעגאַנגען אַ שטיק וועג, ניט אויסריידענדיג קיין וואָרט. אַטערסאָן איז געווען שטאַרק פערטראַכט. ענדליך האָט ער זיך אָבגערופען:

„זייט איהר זיכער, אַז ער האָט געעפענט די טהיר מיט אַ שליסעל?"

„מיסטער אַטערסאָן..." האָט ענפיעלד אָנגעהויבען, ערשטוינט פון דער פראַגע.

„יאָ, איך וויים," האָט אַטערסאָן געזאָגט; „איך וויים, אַז דאָס מוז אויסקוקען מאָדנע ביי אייך אין די אויגען. זעהט איהר, איך פרעג זיך ניט נאָך אויף דעם נאָמען פון דעם אַנדערן. ווייסט איהר פאַרוואָס? ווייל איך וויים עס שוין פון פריהער. ווי איהר זעהט, ענפיעלד, איז אייער געשיכטע מיר גאָר ניט פרעמד. טאָמער האָט איהר עפעס ניט ריכטיג דערצעהלט, קענט איהר עס בעסער פער־ריכטען גלייך אויף'ן שטעל."

„איך מיין, איהר האָט עס מיר געדאַרפט פריהער זאָגען," האָט זיך אָבגערופען ענפיעלד אַביסעל ברוגז'לאַך. „אָבער איך האָב דער־צעהלט אַלעם גענוי אויף'ן האָר, ווי איהר רופט עס. דער חברה־מאַן האָט געהאַט אַ שליסעל; און נאָך בעסער, ער האָט איהם נאָך איצט אויך. כ'האָב געזעהן, ווי ער האָט זיך בענוצט מיט איהם, ערשט מיט אַ וואָך צוריק."

מר. אַטערסאָן האָט אַ טיעפען זיפץ געטהאָן, נאָר ער האָט קיין וואָרט ניט גערעדט. און אַ ווײלע אַרום האָט ענפיעלד ווידער געזאָגט:

„דאָ האָט איהר אייך נאָך אַ לעהרע, אַז מען דאַרף האַלטען דאָס מויל. איך שעהם זיך ווירקליך מיט מיין לאַנגער צונג. לאָמיר אָבמאַכען, מעהר ווענען דעם קיין וואָרט ניט אויסצוריידען."

„מיט'ן גאַנצען האַרצען," האָט דער אַדוואָקאַט געזאָגט. „דאָ האָט איהר מיין האַנד דערויף, ענפיעלד."

# מר. האַיד ווערט געזוכט.

יענעם אָבענד איז מר. אַטערסאָן געקומען אַהיים זעהר אומעטיג און האָט זיך געזעצט עסען אָהן אַ בעזונדערע לוסט. ער איז געווען געוואוינט יעדען זונטאָג נאָך נאַכטמאָהל זיך אַנידערצוזעצען בײם פייער און לעזען אַ בוך, ביז דער קירכען־זייגער אין יענער געגענד האָט געשלאָגען צוועלף; דאַן פלעגט ער מיט אַ ניכטערן און דאַנקבאַרען געמיטה געהן שלאָפען. אָט די נאַכט אָבער, אַזוי גיך ווי מען האָט נור צוגענומען פון טיש, האָט ער גענומען אַ ליכט און איז אַריין צו זיך אין אַרבייטס־צימער. דאָרט האָט ער אויפגעעפענט זיין שראַנק און פון דעם סאַמע פערבאָרגענסטען טהייל דערפון האָט ער אַרויסגענומען אַ דאָקומענט, וואָס איז געלעגען אין אַ קאָנווערט, וועלכער האָט געטראָגען דעם אויפשריפט: „דר. דזשייקעל'ס צוואה". פערטיעפט אין געדאַנקען האָט זיך דער אַדוואָקאַט אַנידערגעזעצט דורכקוקען דעם אינהאַלט פון דיזען דאָקומענט. די צוואה איז געווען געשריבען מיט דר. דזשייקעלס אייגענער האַנד; ווייל ניט קוקענדיג דערויף וואָס אַטערסאָן האָט איצט, נאָכדעם ווי דער דאָקומענט איז געווען געמאַכט, איהם גענומען אונטער זיין פעראַנטוואָרטליכקייט, האָט ער זיך אָבער פאָלשטענדיג ענטזאַגט צו העלפען איהם צוזאַמענשטעלען. די צוואה האָט געלויטעט, אַז ניט נור אין פאַל ווען דר. הענרי דזשייקעל וועט שטאַרבען זאָל זיין גאַנץ פערמעגען אריבערגעהן אין די הענד פון זיין „פריינד און וואָהלטהעטער עדוואַרד האַיד", נאָר אין פאַל ווען דר. דזשייקעל וועט „פערשוואונדען ווערן אויף אַ צייט פון איבער דריי מאָנאַטען" זאָל דער דערמאָנטער עדוואַרד האַיד גלייך ווערן בעל הבית איבער הענרי דזשייקעל'ס האָב און גוטס, און זאָל אין דערזעלבער צייט זײַן פריי פון אירגענד וועלבע

פּליכט און פֿעראַנטוואָרטליכקייט, אַחוץ עטליכע קליינע סומען, וועלכע ער וועט דאַרפֿען בעצאָהלען די משרתים פֿון דער דאָקטאָר׳ס הויז. אַ לאַנגע צייט איז דיזער דאָקומענט געווען ווי אַ דאָרן אין דעם אַד־וואָקאַט׳ס אויגען. די צוואה האָט איהם פֿערלעצט אי אַלס אַדוואָקאַט, אי אַלס ליעבהאָבער פֿון די געזונדע און אָנערקענטע זייטען פֿון לע־בען. ביז אַהער איז זיין צאָרן געוואַקסען דורך דעם וואָס ער האָט ניט געוואוסט, ווער אָט דער מר. האַיד איז; איצט האָט זיך די זאַך פּלוצלינג איבערגעדרעהט. דאָס וואָס ער האָט געקראָגען צו וויסען וועגען דזשייקעלס „פֿריינד״, האָט איהם נאָך מעהר אויפֿגערעגט. ס׳איז שוין גענוג שלעכט געווען, ווען דער נאָמען איז געווען בלויז אַ נאָמען און ניט מעהר. ס׳איז אָבער געוואָרען אַ סך ערגער, ווען אָט דער נאָמען האָט אָנגעהויבען בעקליידט צו ווערן מיט עקעלהאַפֿטע איינגענשאַפֿטען, און פֿון די פֿערענדערבאַרע, ניט־ממשות׳דיגע נעבלען, וועלכע האָבען אַזוי לאַנג פֿערדונקעלט זיין אויג, איז אַצונד פּלוצלינג אַרויסגעשפּרונגען די דייטליכע, בעשטימטע פֿיגור פֿון אַ טייוועל.

„כ׳האָב געמיינט, עס איז אַ משוגעת,״ האָט ער געזאָגט, אַריינ־לייגענדיג דעם פֿער׳נמאס׳טען פּאַפּיר צוריק אין שראַנק אַריין; „און איצט הויב איך אָן מורא האָבען, אַז דאָס איז איינפֿאַך אַ שענדליכקייט.״

דאָס זאָגענדיג, האָט ער אויסגעלאָשען דאָס ליכט, האָט אָנגעטהאָן אַ לאַנגען מאַנטעל און איז אַוועק אין קעווענדיש סקווער, יענע פֿעס־טונג פֿון דער מעדיצין, וואו זיין פֿריינד, דער בעריהמטער דאָקטאָר לעניאָן, האָט געוואוינט. „אויב ס׳איז דאָ ווער עס איז, וואָס ווייס עפּעס וועגען דעם, איז דאָס זיכער לעניאָן,״ האָט ער ביי זיך גע־טראַכט.

דער הויז־דיענער, וועלכער האָט איהם געקענט, האָט איהם זעהר העפֿליך אויפֿגענומען, ניט געמאַכט קיין צערעמאָניעס און איהם אַריינגעפֿיהרט גלייך אין עסס־צימער, וואו דר. לעניאָן איז געזעסען אַליין ביי זיין ווין. דאָס איז געווען אַ האַרציגער, געזונדער, טהעטי־גער, רויט־פּנים׳דיגער מאַן, מיט אַ בונד פֿון אונצייטיג ווייסע האָר אויף׳ן קאָפּ, און מיט אַ זעהר ענטשלאָסענעם כאַראַקטער. ווי ער האָט נור דערזעהן אַטערסאָנען, איז ער גלייך אויפֿגעשפּרונגען פֿון אָרט און האָט איהם בעגריסט מיט ביידע הענד. זיין העפֿליכע בע־נעהמונג האָט אויף׳ן קוק געמאַכט אַ טהעאַטראַלישען איינדרוק; נאָר

אין דער ווירקליכקייט איז דאָס געווען אויפריכטיג און נאַטירליך. וואָרים אָט די צוויי זיינען געווען אַלטע פריינד, אַלטע חברים אי פון דער שולע, אי פון דער אוניווערזיטעט. זיי האָבען ביידע רעס־פעקטירט אי זיך אַליין, אי איינער דעם אַנדערן, און — וואָס איז ניט אַזוי אַלגעמיין — זיי האָבען זעהר גוט פערבראַכט איינער אין דעם אַנדערן'ס קאָמפּאַניע.

נאָך אַ קורצען אונשולדיגען און פריינדליכען געשפרעך, איז דער אַדוואָקאַט אַרויפגעקומען אויף דעם ענין, וועלכער האָט אַזוי שטאַרק בעשעפטיגט זיין מוח.

„איך מיין, לעניאָן," האָט ער געזאָגט, „אַז איהר און איך זיינען דאָך די צוויי עלטסטע פריינד, וואָס הענרי דזשייקעל האָט?"

„כ'וואָלט געוואונשען די פריינד זאָלען זיין אינגער," האָט דר. לעניאָן מיט אַ שמייכעל געענטפערט. „נאָר איך מיין ווירקליך, אַז מיר זיינען זיינע עלטסטע פריינד. איז וואָס אַז יאָ? איך זעה איהם יעצט זעהר זעלטען?"

„ווירקליך!" האָט אַטערסאָן געזאָגט. „איך האָב געמיינט, אַז אייך פערבינדט אַן אַלגעמיינע אינטערעסע."

„מיר האָבען געהאַט אַן אַלגעמיינע אינטערעסע," האָט לעניאָן געענטפערט. „אָבער עס איז שוין מעהר ווי צעהן יאָהר, אַז הענרי דזשייקעל איז פאַר מיר געוואָרען צו פאַנטאַסטיש. ער האָט זיך פער־נומען אויף אַ פאַלשען וועג, טראָגט זיך אַרום מיט פאַלשע געדאַנקען. פערשטעהט זיך, אַז איך נעהם נאָך איצט אויך אַן אינטערעס אין איהם, צוליעב אונזער אַלטער, אַלטער פריינדשאַפט, אָבער איך זעה איהם כמעט ניט אָן אין די אויגען. אַזאַ אונוויסענשאַפטליכער מיש־מאַש," האָט דער דאָקטאָר צוגעלייגט און זיין געזיכט האָט זיך דער־ביי געראַיטעלט, „וואָלט פערפרעמדט זאָגאַר אַזעלכע צוויי איבערגע־בענע פריינד ווי ד א מ אָ ן און פ י ט ה י אַ ס.*)"

---

*) ד אַ מ אָ ן און פ י ט ה י אַ ס, צוויי גריכישע פילאָזאָפען, וועלכע האָבען געלעבט אין דער צייט פון דענים דעם יונגען. זיי זיינען בעריהמט פאַר דער פריינדשאַפט, וועלכע האָט זיי פערבונדען. עס ווערט דערצעהלט, אַז ווען פיטהיאַס איז פעראורטהיילט געוואָרען צום טויט, האָט ער געבעטען ביים טיראַן, ער זאָל איהם ערלויבען אַ שטיקעל צייט, כדי צו בריינגען זיינע געשעפטען אין אָרדנונג.

אָט די קליינע אויפרעגונג איז געווען אַ שטיקעל ערלייכטערונג פאַר אַטערסאָנען. „זיי קענען זיך בלויז ניט אויסגלייכען אין אַ ווי־סענשאַפטליכער פראַגע,“ האָט ער ביי זיך געטראַכט, „ווייטער איז גאָרנישט פאָרגעקומען צווישען זיי.“ ער האָט געגעבען זיין פריינד עטליכע סעקונדען צייט צו קומען צו זיך, און דאַן איז ער אַרויס מיט דער פראַגע, צוליעב וועלכער ער איז געקומען.

„האָט איהר זיך ווען אויפגעטראָפען מיט זיינעם אַ שיצלינג — אַ געוויסען האַיד?“ האָט ער געפרעגט.

„האַיד?“ האָט לעניאָן ווידערהאָלט. „ניין. כ'האָב קיינמאָל ניט געהערט פון איהם. אַזוי ווייט ווי איך געדיינק.“

מיט דעם ענטפער איז דער אַדוואָקאַט אַוועק צוריק אַהיים. די גאַנצע נאַכט האָט ער זיך אַרומגעוואָרפען אויף זיין געלעגער, ביז עס איז טאָג געוואָרען. ס'איז געווען אַ נאַכט פון וויניג רוה פאַר זיין מוח, וועלכער האָט געאַרבייט אין דער פינסטער און איז געווען בעלאַגערט מיט פראַגען.

די גלאָקען פון דער קירכע, וועלכע איז געווען אַזוי נאָהענט צו אַטערסאָן'ס וואוינונג, האָבען געשלאָגען זעקס, און ער האָט זיך נאָך אַלץ געגריבעלט אין דער פראַגע. ביז אַהער האָט עס בלויז בעריהרט זיין אינטעלעקט, זיין שכל; אָבער איצט איז אויך זיין פאָרשטעלונגס־קראַפט אין גאַנצען געווען פערנומען דערמיט, מען קען זאָגען פער־שקלאַפט דערצו. און אַרומוואַרפענדיג זיך אין בעט אין דער פינסטער, איז איהם אַרויפגעקומען אויף'ן זינען די געשיכטע, וואָס ענפיעלד האָט איהם דערצעהלט; און איהם איז פאָרגעקומען, ווי ער זעהט עס מיט זיינע אייגענע אויגען. ער האָט געזעהן די גאַס, בעלויכטען פון די רייהען לאַמטערנעס; דאַן דעם מאַן, וואָס איז געגאַנגען האַסטיג;

---

דיזע ביטע איז ניט אַזוי לייכט ערפילט געוואָרען. דאַמאָן האָט איינגעוויליגט צו שטאַרבען אָנשטאָט זיין פריינד, אויב יענער וועט זיך ניט צושטעלען צו דער בע־שטימטער שעה. ענדליך איז געקומען די שטונדע פון דער הינריכטונג. נאָך אַ ווײַלע און דאַמאָן וואָלט בעצאָהלט מיט זיין לעבען, אָבער אין דער לעצטער רגע איז פיטהיאַס אָנגעקומען. דיזע איבערגעבענהייט פון די צוויי פריינד האָט אַזוי געריהרט דעם טיראַן דעניס, אַז ער האָט בעגנאַדיגט דעם פעראורטהיילטען און געבעטען די צוויי פילאָזאָפען, זיי זאָלען איהם אַריינעהמען אין זייער פריינדשאַפטס־בונד אַלס דריטען פריינד, אָבער זיין ביטע איז ניט ערפילט געוואָרען.

דאַן דאָס קינד, וואָס איז געלאָפֿען פֿון דאָקטאָר; און דאַן האָבען ווי זיך צוזאַמענגעשטויסען, און אָט דער מענשליכער שד האָט אַרי־בערגעטראָטען איבער דאָס מיידעלע און איז זיך אַוועק, זיך ניט אום־קוקענדיג אויף איהרע געשרייען. אָדער אַניט האָט ער געזעהן אַ צימער אין אַ רייך הויז; זיין פֿריינד ליגט און שלאָפֿט מיט אַ רוהיגען שמייכעל אויף'ן פּנים, עס חלום'ט זיך איהם געוויס אַ זיסער חלום. פּלוצלינג עפֿענט זיך אויף די טהיר פֿון דעם צימער, די פֿאָרהאַנגען פֿון בעט ווערן פֿונאַנדערגעשאַרט, זיין פֿריינד אויפֿגעוועקט פֿון שלאָף, און זעה נאָר! ביי זיין בעט שטעהט אַ פֿיגור, וועלכע האָט די מאַכט איבער איהם, און זאָגאַר אין דער שטילער, טויטער נאַכט־שטונדע מוז ער אויפֿשטעהן און טהאָן, וואָס מען הייסט איהם. די פֿיגור אין דיזע צוויי פֿאַזען האָט דעם אַדוואָקאַט פֿערפֿאָלגט די גאַנצע נאַכט; זי האָט איהם ניט געלאָזט שלאָפֿען. און אפילו ווען ער איז שוין אויף אַ ווייל אַנדרעמעלט געוואָרען, האָט ער אויך געזעהן די פֿיגור, ווי זי גנב'עט זיך אַריין אין שלאָפֿענדע הייזער, אָדער לויפֿט אַרום איבער ווייטע, ברייטע גאַסען, בעלויכטען פֿון לאַמטערנעס, און ביי יעדען גאַסען־ווינקעל וואַרפֿט זי אום אַ קינד, טרעט אַריבער זיין קערפּער און לאָזט עס איבער שרייענדיג. און דאָך האָט די פֿיגור ניט געהאַט קיין פּנים, ער האָט ניט געקענט זאָגען, ווי זי זעהט אויס; זאָגאַר אין זיינע חלומות האָט זי ניט געהאַט קיין בעשטימטען אויסזעהן, קיין צורה. אַזוי האָט זיך ביים אַדוואָקאַט אין מוח געיאַוועט אַ מערק־ווירדיגע שטאַרקע נייגעריגקייט צו זעהן די געזיכטס־ציגע פֿון דעם ווירקליכען מר. האַיד. ווען ער וואָלט נור איין מאָל געקענט אַ קוק טהאָן אויף איהם, האָט ער געטראַכט, וואָלט איהם דער גאַנצער סוד געוואָרען קלעהרער, און פֿילייכט וואָלט ער גאָר פֿערשוואונדען, ווי עס איז די טבע פֿון געהיימע זאַכען, ווען זיי ווערן גוט אונטערזוכט. ער וואָלט אפשר דורך דעם געקענט אויסגעפֿינען דעם גרונד, וואָס האָט געטריבען זיין פֿריינד צו זיין מאָדנער פֿריינדשאַפֿט אָדער קנעכט־שאַפֿט (רופֿט עס ווי איהר ווילט), און זאָגאַר די אורזאַכע פֿון דער מערקווירדיגער צוואה. יעדענפֿאַלס איז דאָך דאָס אַ געזיכט, וואָס איז ווערטה צו זעהן; דאָס געזיכט פֿון אַ מענשען אָהן אַ פֿונק פֿון מיטלייד; אַ פּנים, וואָס האָט געקענט אַרויסרופֿען אַ געפֿיהל פֿון אייביגען האַס ביי אַזאַ קאַלט בליטיגען מאַן ווי ענפֿיעלד איז!

פֿון דער צײַט אָן האָט אַטערסאָן אָנגעהויבען צו בעוואַכען יענע טהיר אין דעם זײַטען־געסעל. אין דערפֿריה, איידער ער האָט גע־דאַרפֿט זײַן אין קאָנטאָר, מיטאָג, ווען צו טהאָן איז געווען אַזוי פֿיעל און צײַט אַזוי ווייניג, בײַנאַכט ביים דונקעלען שײַן פֿון אַ פֿערנעבעל־טער לאָנדאָנער לבנה, צו יעדער שטונדע פֿון טאָג האָט מען דעם אַדוואָקאַט געקענט געפֿינען אויף זײַן וואַך־פּאָסטען.

„אויב ער איז מר. „הײַד",״ האָט ער זיך געטראַכט, „וועל איך זײַן מר. „סיעק".״ *)

ענדליך האָט ער זיך דערוואַרט.

ס'איז געווען אַ שעהנע טרוקענע נאַכט; די לופֿט פֿראָסטיג; די גאַסען ריין און גלאַט, ווי די דיעלען פֿון אַ טאַנץ־זאַאַל. אַרום צעהן אַזייגער, ווען די געשעפֿטען זײַנען פֿערמאַכט געוואָרען, איז אין דער זײַטען־גאַס געווען שטיל, נאָר פֿון ווייט, גאַנץ ווייט, האָט זיך געהערט אַ שוואַכער גערויש. עטליכע מינוטען איז אַטערסאָן גע־שטאַנען אויף זײַן פּאָסטען. מיט אַמאָל האָט ער דערהערט טריט פֿון ווײַטען. און וואָס מעהר ער האָט זיך צוגעהערט, אַלץ דײַטליכער איז איהם געוואָרען, אַז די טריט קומען נעהענטער און נעהענטער. זײַט דער צײַט, וואָס ער האָט געהאַלטען וואַך דאָ פֿאַר דיזען הויז, איז ער צוגעוואוינט געוואָרען צו אונטערשיידען די טריט פֿון אַן איינציגע פּערזאָן, ניט קוקענדיג דערויף וואָס דער קלאַנג איז געקומען פֿון זעהר ווייט. אָבער קיינמאָל איז זײַן אויפֿמערקזאַמקייט ניט אַזוי שטאַרק צוגעצויגען געוואָרען ווי איצט. ער איז אַלזאָ געוואָרען פֿערדעכטיג, און שנעל האָט ער זיך אַרײַנגעכאַפּט אין'ם אַרײַנגאַנג פֿון'ם הויף און זיך דאָרט בעהאַלטען.

די טריט זײַנען צוגעקומען אַלץ נעהענטער און האָבען אָבגע־קלונגען גאַנץ שטאַרק, בעת זיי האָבען זיך פֿערקירעוועט אין עק גאַס. אַרויסקוקענדיג פֿון זײַן בעהעלטעניש, האָט דער אַדוואָקאַט געקענט זעהן, מיט וואָס פֿאַר אַ סאָרט חברה־מאַן ער האָט דאָ צו טהון. דאָס איז געווען אַ נידעריגער בחור, גאַנץ פּראָסט אָנגעטהון. ער איז צוגעגאַנגען גלײַך צו דער טהיר, האָט אַרויסגענומען אַ שליס־סעל, אָקוראַט ווי איינער, וואָס קומט צו זיך אַהיים.

*) „הײַד" הייסט אויף ענגליש בעהאַלטען; „סיעק": זוכען.

אַטערסאָן איז אַרויס פֿון זיין בעהעלטעניש, און אָנריהרענדיג איהם ביים שולטער, האָט ער געזאָגט: „מר. האַיד, דוכט זיך?"

אַ דערשראָקענער, אָהן אַן אָטהעם האָט מר. האַיד אַ טראָט געטהון צוריק. אָבער דאָס איז בלויז געווען פֿאַר אַ מאָמענט; און הגם ער האָט ניט געקוקט דעם אַדוואָקאַט אין פּנים אַריין, האָט ער געענטפֿערט גאַנץ קאַלט: „דאָס איז מיין נאָמען, וואָס ווילט איהר?"

„איך זעה, איהר װילט אַריינגעהן אַהער," האָט געענטפֿערט דער אַדוואָקאַט. „איך בין דר. דזשייקעל'ס אַן אַלטער גוטער פֿריינד— מר. אַטערסאָן איז מיין נאָמען — איהר האָט אודאי געהערט פֿון מיר; און טרעפֿענדיג אייך צופֿעליג דאָ, האָב איך געדיינקט, אַז איהר וועט מיך אַריינלאָזען."

„איהר וועט ניט געפֿינען דר. דזשייקעל'ן; ער איז ניטאָ אין דערהיים," האָט האַיד געענטפֿערט, אויסבלאָזענדיג בעת מעשה זיין שליסעל; און פּלוצלינג, ניט אויפֿהויבענדיג דעם קאָפּ, האָט ער אַ פֿרעג געטהאָן: „ווי אַזוי האָט איהר מיך דערקענט?"

„ווילט איהר מיר טהאָן אַ געפֿעליגקייט?" האָט אַטערסאָן געפֿרעגט, איגנאָרירענדיג יענעמס פֿראַגע.

„מיט פֿערגניגען," איז געווען דער ענטפֿער. „וואָס אַשטייגער?"

„ווילט איהר מיר לאָזען אַ קוק טהאָן אויף אייער געזיכט?" האָט געפֿרעגט דער אַדוואָקאַט.

אַ ווײַלע האָט עס אויסגעזעהן, אַז מר. האַיד האָט קיין חשק ניט דערצו. נאָר נאָך אַ פּאָר מינוטען איבערלייגונג האָט ער פּלוצלינג אויפֿגעהויבען דעם קאָפּ און ביידע האָבען זיך שאַרף אַריינגעקוקט גלייך אין געזיכט אַריין. דאָס האָט געדויערט עטליכע סעקונדען.

„איצט וועל איך אייך שוין דערקענען", האָט זיך אָבגערופֿען אַטערסאָן. „עס וועט אפשר צוניץ קומען."

„יאָ," האָט געענטפֿערט מר. האַיד, „ס'איז גאַנץ גוט, וואָס מיר האָבען זיך געטראָפֿען; און — יאָ, כ'מיין, עס וועט ניט שאַדען איהר זאָלט האָבען מיין אַדרעס." און ער האָט איהם געגעבען דעם נומער פֿון אַ גאַס אין דער געגענד פֿון סאָהאָ.

„גרויסער גאָט!" האָט זיך אַטערסאָן געטראַכט. „וואָס זשע, אָט אַ פּנים ער דיינקט אויך וועגען דער צוואה?" נאָר ער האָט געהאַל-

מען זיינע געדאַנקען פאַר זיך און האָט בלויז בעדאַנקט פאַר דעם אַדרעס.

„און איצט," האָט זיך האַיד אָבגערופען, „ווי אַזוי האָט איהר מיך דערקענט?"

„פון אָבשילדערונג," איז געווען דער ענטפער.

„ווער האָט דאָס מיך אָבגעשילדערט?"

„מיר האָבען געמיינשאַפטליכע פריינד," האָט אַטערסאָן געענט-פערט.

„געמיינשאַפטליכע פריינד!" האָט האַיד מיט אַביסעל אַ היי-זעריגען טאָן ווידערהאָלט. „ווער זיינען זיי?"

„דזשייקעל, צום ביישפיעל," האָט דער אַדוואָקאַט געזאָגט.

„ער האָט אייך גאָרניט געזאָגט," האָט מר. האַיד מיט צאָרן אַ געשריי געטהון. „איך וואָלט זיך קיינמאָל ניט געריכט אויף אייך, איהר זאָלט זאָגען אַ ליגען."

„נאַ, נאַ," האָט איהם אַטערסאָן בערוהיגט, „דאָס איז ניט קיין פאַסענדע שפראַך פאַר אייך."

האַיד האָט אַרויסגעפלאַצט מיט אַ ווילדען געלעכטער; און מיט אַן אויסערגעוועהנליכער שנעלקייט האָט ער אויפגעמאַכט די טהיר און איז פערשוואונדען.

דער אַדוואָקאַט איז געבליבען שטעהן אַ ווײַלע שטאַרק צוטראָ-גען און אונרוהיג. דאַן האָט ער לאַנגזאַם אָנגעפאַנגען אַרויפגעהן די גאַס, זיך אָבשטעלענדיג ביי יעדע צוויי טריט און אַלע ווײַלע צולייגענדיג די האַנד צום שטערן, אַזוי ווי אַ מענש, וואָס געפינט זיך אין אַ שרעקליכער גייסטיגער פערלעגענהייט. די פראַגע, וועלכע האָט איהם אַזוי שטאַרק בעשעפטיגט געהענדיג, איז ניט געווען אַזוי לייכט צו לייזען. מר. האַיד איז געווען בלאַס און קליין-געוואַקסיג, ווי אַ קאַרליק; ער האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ קריפּעל, הגם מען האָט ניט געקענט אָנגעבען, וואָס אין איהם איז פערקריפּעלט; ער האָט געהאַט אַן אָבשטויסענדען שמייכעל, ער האָט זיך געהאַל-טען אַנטקעגען דעם אַדוואָקאַט מיט אַ מין מערדערישען געמיש פון שרעקעדיגקייט און דרייסטקייט, און ער האָט גערעדט מיט אַ היי-זעריגען, שעפּטשענדיגען און געבראָכענעם קול — דאָס אַלעס איז געווען געגען איהם; אָבער אָט די אַלע פונקטען אינאיינעם האָבען פונדעסטוועגען ניט געקענט ערקלעהרען דעם ביז־אַהעריגען אָבשטויס

און מורא, מיט וועלכע אַטערסאָן האָט איהם בעטראַכט. „דאָ מוז זיין עפּעס אַנדערש," האָט געזאָגט דער צומישטער אַדוואָקאַט. „עס איז דאָ עפּעס מעהר ווי דאָס, ווען איך וואָלט נור געקענט געפינען אַ נאָמען דערפאַר. מיין גאָט, דער מאַן האָט דאָך קוים אַ מענשליכען אויסזעהן! צו איז דאָס ניט אַקאָרשט איינער, וואָס וואוינט אין אַ העהל? אָדער קען דאָס זיין די אַלטע געשיכטע פון דר. פעלל? אָדער איז דאָס איינפאַך דער גלאַנץ, דער אָבשיין פון אַ שמוציגער נשמה, וואָס זעהט זיך דורך דורך'ן גוף און גיט איהם אַזאַ עקעלהאַפטען אויסזעהן? כ'מיין, אַז דאָס איז דאָס; דען, אָה מיין אָרעמער אַלטער הערר דזשייקעל, אויב איך האָב ווען געזעהן דעם טייוועל'ס שטעמפּעל אויף אַ געזיכט, איז דאָס אויף דעם געזיכט פון אייער נייעם פריינד."

אַרויסגעהענדיג פון דער זייטען־גאַס איז מען אַריינגעקומען אין אַ סקווער פון אַלט־מאָדישע, שעהנע הייזער, וועלכע זיינען איצט מייסטענס אַראָב פון זייער אַמאָליגער גדולה און זיינען פערדונגען געוואָרען אַלס אַפּאַרטאַמענטען און בעזונדערע צימערן צו אַלע סאָרטען מענשען; אַרונטערגעקומענע אַרכיטעקטען, ווינקעל־אַדוואָקאַטען און אַגענטען פון אַלערליי דונקעלע אונטערנעהמונגען. בלויז איין הויז איז געווען אין גאַנצען בעוואוינט פון אַ רייכער פאַמיליע; און ביי דער טהיר פון דיזען רייכען און בעקוועמליכען הויז, האָט זיך אַטערסאָן אָבגעשטעלט און אָנגעקלאַפּט. אַן עלטערער דיענער, אַנשטענדיג אָנגעטהון, האָט געעפנעט די טהיר.

„איז דר. דזשייקעל אין דערהיים, פּול?" האָט דער אַדוואָקאַט געפרעגט.

„כ'וועל אַ קוק טהון, מר. אַטערסאָן," האָט דער דיענער געענטפערט, אַריינלאָזענדיג דעם גאַסט אין אַ גרויסען, בעקוועמען און פיין פערפּוצטען זאַאַל, וואו ס'האָט געברענט אַ שעהנער פייער. „ווילט איהר וואַרטען דאָ ביים פייער, מיין הערר, אָדער זאָל איך אָנצינדען ליכט אין עסס־זאַאַל?"

„זאָל זיין דאָ," האָט געזאָגט דער אַדוואָקאַט; און ער האָט זיך צוגערוקט נעהענטער צום פייער. דיזער זאַאַל, וואו ער איז איצט געבליבען אַליין, איז געווען דער ליעבלינג פון זיין פריינד דעם דאָקטאָר; און אַטערסאָן אַליין פלעגט עס בעטראַכטען פאַר דעם אַנ־

געגעהמסטען צימער אין לאָנדאָן. נאָר היינט ביינאַכט איז איהם דאָס בלוט אַזוי ווי פערגליווערט געוואָרען אין די אָדערן; האַיד'ס געזיכט איז איהם געשטאַנען פאַר די אויגען; ער האָט גאָר ניט געקענט פטור ווערן דערפון. ער האָט געפיהלט אַ מין עקעל פאַר'ן לעבען, וואָס דאָס איז ביי איהם געווען אַ זעלטענהייט; און אין זיין פינס-טערן געמיטה האָט ער געזעהן אַ מין ווארנונג אין אַלצדינג, אין די מעבעל פון צימער, אין דעם פלאַקערענדען פייער און אין דעם אַרומלויפענדען שאָטען אויף דער סטעליע פון זאַאַל. ווען פול איז אין אַ ווילע אַרום צוריקגעקומען איהם מעלדען, אַז דר. דזשייקעל איז ניטאָ אין דערהיים, איז אַטערסאָנען אַביסעל לייכטער געוואָרען אויף'ן האַרצען; און ער האָט זיך פערשעהמט פאַר זיך אַליין.

„איך האָב נאָר וואָס געזעהן מר. האַיד'ן אריינגעהן דורך דער אַלטער הינטער־טהיר," האָט ער געזאָגט. „איז דאָס רעכט אַזוי, פול, ווייבאַלד דר. דזשייקעל איז ניטאָ אין דערהיים?"

„ס'איז ניט דאָס ערשטע מאָל, מר. אַטערסאָן," האָט דער דיע-נער געענטפערט. „מר. האַיד האָט אַ שליסעל."

„אָט אַ פנים אייער בעל הבית האָט זעהר פיעל צוטרוי צו דיזען מאַן, פול," האָט דער אַדוואָקאַט ווייטער געזאָגט.

„יאָ, מיין הערר, זעהר פיעל צוטרוי," האָט פול געענטפערט. „מיר האָבען אַלע אַ בעפעהל צו טהון וואָס ער הייסט."

„כ'ווייס ניט, צו האָב איך זיך ווען געטראָפען מיט מר. האַיד דאָ אין הויז?"

„אָה ניין, מיין הערר, געוויס ניט," האָט געענטפערט דער דיע-נער. „ער עסט דאָ קיינמאָל ניט. אין דער ווירקליכקייט קריגען מיר איהם איבערהויפט זעהר זעלטען צו זעהן אויף דער זייט פון הויז; מייסטענטהיילס קומט ער און געהט אַוועק דורך דער לאַבאָראַטאָריע."

„אַלזאָ, גוטע נאַכט, פול."

„גוטע נאַכט, מר. אַטערסאָן."

און דער אַדוואָקאַט איז אַוועק אַהיים מיט אַ זעהר שווער האַרץ. „אָרעמער הערר! דזשייקעל," האָט ער געטראַכט, „מיין געדאַנק זאָגט מיר, אַז ער איז טיעף געזונקען! אַלס יונגער מאַן איז ער געווען ווילד. אמת, אַז ס'איז שוין אַ גאַנץ לאַנגע צייט זייט דעם; אָבער אין דעם געטליכען געזעץ־בוך איז ניטאָ קיין בעגרענצונג פון צייט,

קיין פֿעריעהרונג. אַה, דאָס מוז דאָס אודאי זיין; דער גייסט פֿון וואָס פֿאַר עס איז אַלטער זינד, דער קרעבס־געשוויר פֿון אַ פֿערבאָרגע־נער שאַנדע; איצט איז געקומען די שטראָף, געקומען יאָהרען נאָכ־דעם ווי אַלעס איז געווען פֿערגעסען און אָבגעווישט.״ און דער אַד־וואָקאַט האָט אָנגעפֿאַנגען דיינקען וועגען זיין אייגענער פֿערגאַנגענ־הייט, זוכענדיג און נישטערענדיג אין אַלע ווינקעלעך פֿון זיין זכרון, פֿילייכט וועט ער פֿאָרט געפֿינען עפּעס אַ מיאוס'ע טהאַט. זיין פֿער־גאַנגענהייט איז געווען צימליך טאַדעללאָז; וויניג מענשען האָבען געקענט מיט וויינינגער פֿורכט צוריקקוקען אויף זייער פֿערגאַנגענעם לעבען; דאָך האָט ער געהאַט גענוג פֿאָרווירפֿע זיך צו מאַכען פֿאַר פֿיעלע שלעכטע זאַכען, וואָס ער האָט געטהון, נאָר ער האָט זיך געטרייסט ביי דער עראינערונג אָן די מאַסען אַנדערע שלעכטע מעשים, וועלכע ער האָט בעצייטענס אויסגעמידען צו טהון. און דאַן, זיך אומקעהרענדיג צו זיין פֿריהערדיגען ענין, האָט ער דערשפּירט אַ פֿונק פֿון האָפֿנונג. „אָט דער בחור האַיד, ווען מען זאָל איהם נור קענען דורכפֿאָרשען,״ האָט ער געטראַכט, „מוז אודאי האָבען זיינע אייגענע סודות: שוואַר־צע סודות, דאָס קען מען זעהן אָן דעם בליק זיינעם; געהיימניסען, אַנטקעגען וועלכע דעם אָרעמען דזשייקעל'ס ערגסטע טהאַטען וואָל־טען געווען זונען־שיין. ניין, דאָס קען אַזוי ניט בלייבען. עס געהט מיר אַריבער אַ שווידער איבער'ן לייב, ווען איך דערמאָהן זיך, ווי אַזוי אָט די בריאה כאַפּט זיך אַריין ווי אַ גנב צו הערי'ן אין שלאָפֿ־צימער! אָרעמער הערי, וואָס פֿאַר אַ לעבען! און די געפֿאַהר דערפֿון! וואָרום אויב דיזער האַיד האָט אַן אַהנונג וועגען דער צוואה, קען ער נאָך ווערן אונגעדולדיג צו קריגען וואָס גיכער די ירושה. אַה, איך מוז אונטערשטעלען מיינע פּלייצעס צום וואָגען — אויב דזשיי־קעל זאָל מיר נור לאָזען,״ האָט ער צוגעלייגט, „אויב דזשייקעל וועט מיר נור לאָזען.״ וואָרים ווידער אַמאָל האָט ער פֿאַר זיין גייסטיגען אויג אַזוי קלאָהר און דייטליך דערזעהן דעם מאָדנעם אינהאַלט פֿון דער צוואה.



# דר. דזשייקעל אונגעשטערט.

אין צוויי וואָכען אַרום האָט דער דאָקטאָר געמאַכט אַ מאָהל־צייט פֿאַר פֿינף אָדער זעקס אַלטע גוטע ברידער, אַלע אינטעליגענטע, אָנגעזעהענע מענער, און אַלע מבינים אויף גוטען וויין; און מר. אַטערסאָן האָט אַזוי אַראַנזשירט, אַז ער איז פֿערבליבען נאָכדעם ווי אַלע געסט זיינען שוין געווען אַוועקגעגאַנגען. דאָס איז ניט געווען קיין נייעס, נאָר אַ זאַך, וואָס האָט געטראָפֿען צעהנדליגע מאָל. דאָרט וואו אַטערסאָן איז געווען בעליעבט, איז ער געווען שטאַרק בעליעבט. אין די געזעלשאַפֿטען, וואו ער פֿלעגט פֿערברייגגען, האָבען די בעלי בתים ליעב געהאַט איהם צו פֿערהאַלטען נאָך דער שמחה; זיי האָבען ליעב געהאַט צו זיצען אַ ווײַלע אין זיין אונאויפֿדרינגליכער אָנוועזענהיים, זיך צוגעוועהנענדיג דערביי צום אַליין־זיין און אויסניכטערענדיג זייערע מוחות אין דעם מאַן׳ס רייכער שטיל־קייט, נאָך דער אָנשטרייגגענדער לוסטיגקייט. אין דער הינזיכט איז דר. דזשייקעל ניט געווען קיין אויסנאַהם פֿון אַטערסאָן׳ס אַנדערע פֿריינד; זיצענדיג אַנטקעגען פֿייער — אַ היבשער, פֿעסט־געבויטער מאַן פֿון אַ יאָהר פֿופֿציג, מיט אַביסעל שלויקייט פֿילייכט, נאָר מיט יעדען צייכען פֿון פֿעהיגקייט און פֿריינדשאַפֿט — האָט מען אין זיינע בליקען געקענט זעהן, אַז ער האָט פֿאַר אַטערסאָן׳ן אַן ערנסטע און וואַרעמע ליעבשאַפֿט.

„איך האָב געוואָלט עפּעס ריידען מיט אייך, דזשייקעל,“ האָט דער אַדוואָקאַט אָנגעפֿאַנגען. „איהר ווייסט דאָך, וועגען אייער צוואה.“

אַ גאָהענטער צושויער וואָלט געקענט בעמערקען, אַז דער

געשפּרעך איז ניט געווען קיין אַנגענעהמער; אָבער דער דאָקטאָר האָט ניט אַרויסגעוויזן קיין אונצופרידענהייט. „מיין אָרעמער אַטערסאָן", האָט ער געזאָגט, „איהר זייט אונגליקליך צו האָבען אַזאַ קליענט ווי איך. איך האָב נאָך ניט געזעהן אַ מענש זאָל זיין אַזוי פעראומערט ווי איהר זייט מיט מיין צוואה; אויסער יענער האַרטנעקיגער מקפּיד, לעניאָן, אין דעם וואָס ער רופט מיין וויסענשאַפטליכע אפּיקורסות. אָה, איך וויים, אַז ער איז אַ גוטער מענש — איהר דאַרפט ניט קנייטשען מיט'ן שטערן — אַן אויסגעצייכענטער מענש, און איך וואָלט זיך וועלען טרעפען מיט איהם אַזוי אָפט ווי מעגליך; אָבער ער איז דאָך אַ האַרטנעקיגער מקפּיד; אַן אונוויסענדער, פּלווידערענדער מקפּיד. איך בין נאָך קיינמאָל ניט געווען אַזוי ענטטוישט אין אַ מענשען ווי אין דיעזען לעניאָן."

„איהר ווייסט דאָך, אַז איך בין קיינמאָל ניט געווען איינשטימיג דערמיט," האָט דער אַדוואָקאַט געזאָגט, וועלענדיג אויסמיידען דעם פרישען געשפּרעך.

„מיט מיין צוואה? יאָ, געוויס, איך וויים עס," האָט זיך דער דאָקטאָר אָבגערופען מיט אַביסעל אַ שאַרפען טאָן. „איהר האָט עס מיר שוין איין מאָל געזאָגט."

„נו, זאָג איך דאָס אייך נאָך אַמאָל," האָט פאָרטגעזעצט דער אַדוואָקאַט. „איך האָב לעצטענס געהערט אַביסעל וועגען דעם יונגען האַיד."

דר. דזשייקעל'ס גרויסער, שעהנער פּנים איז געוואָרען בלאַס און אַ שוואַרצקייט האָט זיך בעוויזען אַרום די אויגען. „איך וויל מעהר גאָר ניט הערען דערפון," האָט ער געזאָגט. „דאָס איז אַ פראַגע, וועגען וועלכער מיר האָבען דאָך אָבגעמאַכט ניט צו ריידען מעהר."

„דאָס, וואָס איך האָב געהערט, איז עקעלהאַפט," האָט אַטערסאָן געזאָגט.

„דאָס קען די זאַך ניט ענדערן. איהר פערשטעהט ניט מיין לאַגע," האָט געענטפערט דער דאָקטאָר. „איך געפין זיך אין אַ שמערצליכער סיטואַציע, אַטערסאָן; מיין לאַגע איז זעהר מאָדנע — אַ זעהר מאָדנע לאַגע. ס'איז איינע פון יענע זאַכען, וועלכע קענען ניט געענדערט ווערן דורך ריידען."

„דזשייקעל," האָט זיך אַטערסאָן אָבגערופען, „איהר קענט מיך:

איהר ווייסט, אַז מען קען זיך אויף מיר אָנטרויען. ענטדעקט מיר אייער געהיימנים; און איך צווייפעל ניט, אַז איך וועל אייך בעפרייען דערפון."

„מיין גוטער אַטערסאָן," האָט דער דאָקטאָר געזאָגט, „דאָס איז זעהר גוט פון אייך, דאָס איז פאָזיטיוו זעהר פריינדליך פון אייך, און איך קען ניט געפינען גענוג ווערטער אייך אָבצודאַנקען דערפאַר. איך גלויב יעדעס וואָרט וואָס איהר זאָגט; איך וואָלט אייך אָנפערטרויט גיכער ווי אירגענד וועמען וואָס איך קען, ניין, גיכער ווי זיך אַליין, ווען עס האַנדעלט זיך אין אויסקלייבען; אָבער עס איז ווירקליך ניט דאָס, וואָס איהר שטעלט זיך פאָר; עס איז ניט אַזוי שלעכט ווי איהר מיינט; און כדי צו בערוהיגען אייער גוט האַרץ, וועל איך אייך זאָגען איין זאַך: צו יעדען אויגענבליק, ווען איך וויל נור, קען איך זיך בעפרייען פון מר. האַיד. איך גיב אייך מיין האַנד דערויף; און איך דאַנק אייך נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל; און נאָך איין וואָרט, אַטערסאָן, איך האָף, איהר וועט עס ניט נעהמען פאַר אומגוט: דאָס איז אַ פריוואַטע אַנגעלעגענהייט, און איך בעט אייך עס צו לאָזען צורוה."

אַטערסאָן האָט זיך פערטראַכט אַ ווייל, אַריינקוקענדיג אין פייער.

„עס איז קיין צווייפעל ניט, אַז איהר זייט פאָלשטענדיג גערעכט," האָט ער ענדליך געזאָגט, זיך אויפהויבענדיג פון שטוהל.

„נו, אָבער אַזוי ווי מיר האָבען פאָרט אָנגעריהרט דיזע געשיכטע, און איך האָף, אַז דאָס וועט זיין דאָס לעצטע מאָל," האָט דער דאָקטאָר ווייטער געזאָגט, „האָב איך איין פונקט, וואָס איך וואָלט וועלען, איהר זאָלט פערשטעהן. איך האָב ווירקליך אַ גרויסען אינטערעס אין דעם אָרעמען האַיד. איך ווייס, אַז איהר האָט איהם געזעהן; ער האָט עס מיר דערצעהלט; און איך האָב מורא, אַז ער האָט זיך ניט בענומען העפליך מיט אייך. אָבער איך נעהם ווירקליך אַ גרויסען, זעהר גרויסען אינטערעס אין דיזען יונגען מאַן; און ווען איך וועל אַוועקגעהן פון דער וועלט, אַטערסאָן, וויל איך, איהר זאָלט מיר פערשפרעכען זיך אָנצונעהמען פאַר איהם און זעהן ער זאָל קריגען זיין רעכט. איך בין זיכער, איהר וואָלט מיר ניט ענטזאָגט, ווען איהר ווייסט אַלעס; און עס וואָלט מיר אַראָב אַ שטיין פון האַרצען, ווען איהר פערשפרעכט עס מיר."

„מיר דוכט, ער וועט מיר קיינמאָל ניט קענען געפעלען," האָט דער אַדוואָקאַט געזאָגט.

„דאָס פערלאַנג איך גאָר ניט," האָט דזשייקעל געענטפערט, אַרויפלייגענדיג זיין האַנד אויף דעם אַנדערן'ס אָרם. „וואָס איך בעט איז נור גערעכטיגקייט; איך בעט נור, איהר זאָלט איהם העלפען פון מיינעטוועגען, ווען איך וועל מעהר ניט זיין דאָ."

אַטערסאָן האָט אַרויסגעלאָזען אַן אונאונטערדריקבאַרען זיפץ. „נו גוט," האָט ער געזאָגט. „איך פערשפרעך עס אייך."

# די ערמאָרדונג פון סער קעריו.

---

אונגעפעהר אַ יאָהר שפּעטער, אין מאָנאַט אָקטאָבער 18—, איז לאָנדאָן פערציטערט געוואָרען דורך אַ שוידערליכען פערברעכען, אַן אויסערגעוועהנליך ווילדען מאָרד, וועלכער האָט נאָך דערצו געצויגען אַ בעזונדער אויפמערקזאַמקייט, דורך דעם וואָס דער אָפּפער האָט בעלאַנגט צו די הויכע פענסטער. עס זיינען ניט געוועזען קיין סך איינצעלהייטען, נאָר דערפאַר זיינען זיי געוועזען ערשטוינענדע. אַ דיענסט־מיידעל, וואָס האָט געוואוינט איינע אַליין אין אַ הויז, ניט ווייט פון טייך, איז אַרויפגעגאַנגען שלאָפען אַרום עלף אַזייגער ביינאַכט. ניט קוקענדיג דערויף וואָס אַ שווערער נעבעל האָט שפּעטער מיט עטליכע שטונדען איינגעוויקעלט די גאַנצע שטאָדט, איז אָבער דער הימעל איצט געוועזען צימליך ריין און דאָס געסעל, וואוהין דעם דיענסט־מיידעל'ס פענסטער האָט אַרויסגעקוקט, איז געוועזען בעלויכטען פון דער פולער לבנה. ווי עס שיינט, איז דאָס מיידעל געוועזען ראָמאַנטיש געשטימט; ווייל זי האָט זיך אַנידערגעזעצט אויף איהר קאַסטען, וואָס איז געשטאַנען פונקט אונטער'ן פענסטער, און האָט זיך פערטיעפט אין טרוימען. קיינמאָל (פלעגט זי זאָגען מיט טרעהרען אין די אויגען, יעדעס מאָל, וואָס זי האָט איבערדערצעהלט די פאַסירונג), קיינמאָל האָט זי ניט געפיהלט אַזוי רוהיג און אַזוי צופרידען מיט אַלצדינג ווי דאַן. און אַזוי זיצענדיג פערטראַכט, האָט זי בעמערקט אַן עלטערן, גאַנץ עלעגאַנטען מאַן מיט ווייסע האָר, צוקומענדיג אַליין נעהענטער צום געסעל; און אַנטקעגען איהם האָט זי געזעהן אָנקומענדיג אַן אַנדערן, אַ גאַנץ נידעריגען מאַן, צו וועלכען זי האָט זיך ווינציג וואָס צוגעקוקט. ווען די צוויי זיינען צוגעקומען נאָהענט איינער צום אַנדערן און האָבען אָנגעפאַנגען צו ריידען, האָט דאָס

מיידעל בעמערקט, ווי דער עלטערער מאַן האָט זיך זעהר העפליך פערנייגט און בעגריסט דעם אַנדערן. עס האָט איהר אויסגעוויזען, אַז זייער געשפרעך איז אַ גאַנץ אונוויכטיגער, ווייל נאָך זיין צייגען מיט די פינגער, האָט זיך איהר געדוכט, אַז דער אַלטער פרעגט זיך נאָך דעם וועג; נאָר די לבנה האָט געשיינט אויף זיין געזיכט, און זי האָט געהאַט אַ פערגניגען קוקענדיג אויף איהם. אָבער באַלד האָבען איהרע אויגען אַריבערגעוואַנדערט צו דעם אַנדערן און זי איז ערשטוינט געוואָרען, דערקענענדיג אין איהם אַ געוויסען מר. האַיד, וועלכער האָט איינמאָל בעזוכט איהר בעל הבית און פאַר וועלכען זי האָט געפיהלט אַן עקעל. ער האָט געהאַלטען אין האַנד אַ שווערען שטעקען, מיט וועלכען ער האָט זיך געשפיעלט; אָבער ער האָט קיין וואָרט ניט געענטפערט אויף דעם אַלטען׳ס רייד און האָט אַלעס אויסגעהערט מיט אַ פערביסענער אונגעדולד. פלוצלינג האָט ער אויסגעבראָכען אין אַ שרעקליכען צאָרן, גענומען טופען מיט די פיס און פאָכען מיט׳ן שטעקען און (ווי דאָס מיידעל האָט דערצעהלט) אָנגעגעבען מעשים, ווי אַ משוגענער. דער אַלטער מאַן האָט אָבגעטראָטען אַ טריט צוריק מיט דער מיענע פון איינעם, וואָס איז שטאַרק איבערראַשט און אויך אַביסעל בעליידיגט. דאַן האָט זיך מר. האַיד אין גאַנצען פערלאָרען און ווי אַ ווילדע חיה האָט ער זיך אַ לאָז געטהאָן אויף׳ן אַלטען מאַן און איהם אַנידערגעוואָרפען אויף דער ערד. מיט דעם צאָרן פון אַן אַף איז ער דאַן אַרויפגעשפרונגען אויף זיין אָפּפער, האָט איהם געטראָטען מיט די פיס און דערנאָך איהם אַזוי מורא׳דיג געשלאָגען מיט זיין גראָבען שטעקען, אַז מען האָט געקענט הערען, ווי יעדער ביין איז צובראָכען געוואָרען אונטער די שוידערליכע קלעפּ. פון שרעק, צוקוקענדיג די גאַנצע מערדערישע סצענע, איז דאָס מיידעל געפאַלען אין אָהנמאַכט.

עס איז שוין געווען צוויי אַזייגער, ווען זי איז געקומען צו זיך, און זי האָט גלייך גערופען די פאָליציי. דער מערדער איז שוין לאַנג געווען פערשוואונדען; נאָר דאָרט אין מיטען געסעל איז געלעגען זיין אָפּפער, אַ דער׳הרג׳עטער, שרעקליך צושלאָגען. דער שטעקען, מיט וועלכען דער מאָרד איז בעגאַנגען געוואָרען, ניט קוקענדיג דעררויף וואָס ער איז געווען געמאַכט פון זעהר שטאַרקע האָלץ, איז פונדעסטוועגען צובראָכען געוואָרען אויף צווייען; איין העלפט איז

געבליבען ליגען ניט ווייט פון'ם ערמאָרדעטען און די אַנדערע העלפט האָט געווים דער מערדער מיטגענומען מיט זיך. אַ געלד-בייטעל און אַ גילדענעם זייגער האָט מען געפונען ביים ערמאָרדעטען; אָבער קיינע קאַרטען אָדער פאַפירען, אויסער אַ פערזיינלטען קאָנווערט מיט אַ מאַרקע, וואָס איז וואַהרשיינליך בעשטימט געווען פאַר דער פאָסט, און וואָס האָט געטראָגען דעם נאָמען און אַדרעס פון מר. אַטערסאָן.

דיזען בריעף האָט מען געבראַכט דעם אַדוואָקאַט גלייך אויף מאָרגען אין דערפריה, נאָך איידער ער איז אַרויס פון בעט; און ווי ער האָט איהם נור דערזעהן און מען האָט איהם ערקלעהרט וועגען וואָס עס האַנדעלט זיך, האָט ער זיך אָבגערופען מיט אַן ערנסטען טאָן: „איך וועל גאָר ניט זאָגען, ביז איך וועל ניט זעהן דעם טויטען קערפער. דאָס קען זיין זעהר אַן ערנסטע געשיכטע. זייט אַזוי פריינד-ליך און וואַרט אויס ביז איך וועל זיך אָנטהאָן." און מיט דעם זעל-בען ערנסטען געזיכט האָט ער אויף גיך אָבגעגעסען זיין פריהשטיק און איז גלייך צוגעפאָהרען צו דער פאָליציי-סטאַציאָן, וואו דער טויטער קערפער איז געלעגען. אַזוי שנעל ווי ער האָט נור דערזעהן דעם ערמאָרדעטען, האָט ער אַ שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפ.

„יאָ", האָט ער געזאָגט, „איך דערקען איהם. עס טהוט מיר לייד צו זאָגען, דאָס איז סער דענווערס קעריו."

„גוטער גאָט," האָט אויסגערופען דער פאָליציי-בעאַמטער, „איז דאָס מעגליך?" און גלייך נאָכדעם האָבען זיינע אויגען אויפגעבליצט מיט פראָפעסיאָנעלער אַמביציע. „דאָס וועט זיכער אָנמאַכען אַ היב-שען טומעל," האָט ער געזאָגט. „און פילייכט קענט איהר אונז העלפען אויסגעפינען דעם מערדער?" און ער האָט איהם אין קורצען דערצעהלט, וואָס דאָס דיענסט-מיידעל האָט געזעהן, און איהם גע-וויזען דעם צובראָכענעם שטעקען.

שוין ביים נאָמען „הײד", וואָס ער האָט דערהערט, איז מר. אַטערסאָן'ן געוואָרען זעהר אומעטיג אויף'ן האַרצען; נאָר ווען ער האָט געהאַט פאַר זיינע אויגען דעם שטעקען, האָט ער שוין מעהר ניט געקענט צווייפלען: ווי צובראָכען ער איז געווען, האָט ער איהם דאָך דערקענט. דאָס איז געווען דער שטעקען, וואָס ער אַליין האָט מיט יאָהרען צוריק געגעבען אַ מתנה זיין פריינד הענרי דזשייקעל.

„איז אָט דער מר. האַיד אַ מאַן פֿון קליינעם וואוקס?" האָט ער זיך נאָכגעפֿרעגט.

„בעזונדערס קליין און מיט אַ בעזונדערס רשעות'דיגען אויסזעהן, אַזוי מאָלט איהם דאָס דיענסט-מיידעל אָב," האָט דער פּאָליציי-בעאַמטער געענטפֿערט.

מר. אַטערסאָן האָט זיך פֿערטראַכט אַ ווײלע; און דאַן, אויפֿהוי-בענדיג דעם קאָפּ, האָט ער געזאָגט: „אויב איהר ווילט מיטקומען מיט מיר אין מיין וואָגען, מיין איך, אַז איך קען אייך ווייזען וואו ער וואוינט."

ס'איז געווען אַרום 9 אַזייגער אין דערפֿריה, און דער ערשטער נעבעל פֿון דעם סעזאָן האָט זיך אַרונטערגעלאָזט איבער דער שטאָדט, נאָר דער ווינד האָט דאָ און דאָרט פֿונאַנדערגעטריבען די קעמפּ-פֿענדע דונסטען; אַזוי אַז בשעת דער וואָגען האָט זיך געשלעפּט פֿון גאַס צו גאַס, האָט אַטערסאָן בעמערקט פֿערשיעדענע שטופֿען פֿון דעמערונגס-ליכט; ערטערווייז האָט עס אויסגעזעהן פֿינסטער ווי ביים אָנקומען פֿון דער נאַכט, ערטערווייז האָט אַ שיין געטהאָן פֿאַר די אויגען אַ רייכעס, ברוינעס ליכט, ווי דער שיין פֿון אַ גרויסען פֿייער; און אויף אַ ווײלע ווערט דער נעבעל גאָר אין גאַנצען איבערגעבראָ-כען און מען קען זעהן אַ שטיק העלען טאָג. די טרויעריגע געגענד פֿון סאָהאָ, מיט איהרע בלאָטיגע וועגען און די פֿערשלומפּערטע פֿער-בייגעהער, און מיט איהרע ניט אויסגעלאָשענע אָדער ווידער אָנגע-צונדענע לאָמפּען צו פֿערטרייבען אַביסעל די מרה שחורה'דיגע פֿינסטערניש, — האָט ביי דעם אַדוואָקאַט אין די אויגען איצט אויס-געזעהן ווי אַ קוואַרטאַל פֿון אַ שטאָדט, וואָס מען זעהט אין אַ קאָשמאַר. אַחוץ דעם זיינען זיינע געדאַנקען געווען פֿערנעבעלט; און ווען ער האָט אַ קוק געטהאָן אויף דעם מאַן, וואָס איז מיט איהם מיטגעפֿאָהרען, האָט ער פלוצלינג דערפֿיהלט דעם שרעק פֿון'ם געזעץ און פֿון די געזעץ-היטער, וואָס קען צייטענווייז בעפֿאַלען דעם עהרליכסטען מענשען.

אַז דער וואָגען איז צוגעפֿאָהרען צו דעם אָנגעגעבענעם אַדרעס, האָט זיך דער נעבעל אַביסעל אויפֿגעהויבען און ער האָט דערזעהן אַ שמוציגע גאַס, אַ שיינק, אַן אָרימען פֿראַנצויזישען רעסטאָראַן און אַ געוועלבעל פֿון פּעני אַרטיקלען. פֿיעלע אָבגעריסענע קינדער זיינען געשטאַנען ביי די טהירען, און פֿיעלע פֿרויען פֿון פֿערשיעדענע

נאַציאָנאַליסטען זיינען אַרויסגעקומען אין גאַס מיט די שליסלען אין די הענד און האָבען זיך געלאָזט געהן אין שיינק נעהמען אַ גלעזעל, כמעט אויף'ן ניכטערען האַרצען. נאָר גלייך אין דעם נעקסטען מאָמענט האָט זיך דער נעבעל ווידער אַרונטערגעלאָזט איבער דער גאַס און האָט איהם מיט אַמאָל אָבגעשניטען פון זיין עקעלהאַפטער אומגעבונג. דאָס איז אַלזאָ געווען די וואוינונג פון הענרי דזשייקעל'ס ליעבלינג; פון אַ מאַן, וואָס האָט געזאָלט ירש'ענען אַ פערטעל מיליאָן פונט.

אַן אַלטע פרוי מיט אַן עלפענביינערנעם פנים און מיט זילבער-ווייסע האָר האָט געעפענט די טהיר. זי האָט געהאַט אַ רשעות'־דיגען אויסזעהן, געמילדערט דורך צביעות; נאָר איהר האַלטונג איז געווען ווי פון אַ דאַמע. יאָ, האָט זי געזאָגט, דאָס איז מר. האַיד'ס וואוינונג, אָבער ער איז ניטאָ אין דערהיים. ער איז די נאַכט געקומען זעהר שפעט, נאָר ער איז צוריק אַוועק אין אַ שטונדע אַרום; און דאָס איז ביי איהם ניט קיין אויסערגעוועהנליכעס: ער פיהרט זיך איבערהויפט אויף מערקווירדיג, און איז אָפט ניטאָ אין דערהיים; אָט האָט זי איהם, צום ביישפיעל, גאַנצע צוויי מאָנאַטען ניט אָנגעזעהן אין די אויגען, ביז נעכטען ביינאַכט.

„זעהר גוט, מיר ווילען אַ קוק טהאָן אויף זיינע צימערן," האָט דער אַדוואָקאַט געזאָגט; און ווען די פרוי האָט אָנגעהויבען ערקלערען, אַז דאָס איז אונמעגליך, האָט ער צוגעלייגט: „לאָמיך אייך בעסער גלייך זאָגען, ווער דיזער מאַן איז. דאָס איז אינספעקטאָר ניוקאָמען, פון סקאָטלאַנד יאַרד."

אַן עקעלהאַפטע פרייד האָט בעדעקט דער פרוי'ס געזיכט. „אַה!" האָט זי געזאָגט, „ער איז אַריינגעפאַלען אין אַ צרה! וואָס האָט ער געטהאָן?"

אַטערסאָן און דער אינספעקטאָר האָבען זיך איבערגעוואָרפען מיט בליקען. „ער איז, ווייזט אויס, ניט קיין זעהר בעליעבטער כאַראַקטער," האָט דער לעצטער בעמערקט. „און איצט, מיין גוטע פרוי, לאָזט אונז אַ קוקט טהאָן אויף זיינע צימערן."

אין דעם גאַנצען הויז האָט מר. האַיד פערנומען בלויז צוויי צימערן; אָבער דיזע זיינען געווען מעבעלירט מיט לוקסוס און גוטען געשמאַק. אַן אַלמער איז געווען אָנגעפילט מיט וויין; די געשיר איז געווען פון זילבער; אַ גוט בילד איז געהאַנגען אויף דער וואַנד, אַ מתנה (ווי אַטערסאָן האָט זיך משער געווען) פון הענרי דזשייקעל,

וועלכער איז געווען אַ קענער אויף די זאַכען; און די טאַפּעטען זיינען געווען פון דעם בעסטען סאָרט און אַנגענעהם אין קאָליער. אָבער איצט, אין דעם מאָמענט, האָבען די צימערן גראָד אויסגעזעהן, אַזוי ווי מען וואָלט דאָרט אַלעס איבערגעדרעהט קאַפּויער; קליידער האָבען זיך געוואַלגערט אויף דער ערד, מיט די טאַשען אויסגעקעהרט; די שופלאָדען פון קאַמאָד זיינען געשטאַנען אָפען; און לעבען פייער איז געלעגען אַ באַרג מיט גראָע אַש, ס'איז קענטיג געווען, אַז פילע פאַפּירען זיינען פערברענט געוואָרען. פון דיזען באַרג אַש האָט דער אינספּעקטאָר אַרויסגעשאַרט דעם רוקען פון אַ טשעק־ביכעל, וואָס איז ניט פערברענט געוואָרען. די אַנדערע העלפט פון'ם צובראָכענעם שטעקען האָבען זיי געפונען הינטער דער טהיר; און אַזוי ווי דאָס האָט שוין מעהר ניט איבערגעלאָזט קיין צווייפעל, אַז דאָס איז דער, וועמען ער זוכט, האָט זיך דער פאָליציי בעאַמטער ערקלעהרט זעהר צופרידען דערמיט. אַ בעזוך אין באַנק, וואו זיי האָבען אויסגעפונען, אַז עטליכע טויזענד פונט זיינען געלעגען אויף'ן מערדער'ס נאָמען, — דאָס האָט פעפאָלקאָמט זיין צופרידענהייט.

„איהר מעגט זיך פערלאָזען דערויף," האָט ער געזאָגט צו דעם אַדוואָקאַט: „איך האָב איהם אין מיין האַנד. ער האָט געמוזט פערליערען דעם קאָפּ, אַניט וואָלט ער ניט איבערגעלאָזט דעם שטעקען און דערצו נאָך פערברענט דעם טשעק־בוך. ס'איז גאָר ניטאָ וואָס צו טראַכטען, געלד איז ביי דעם מאַן דאָס גאַנצע לעבען. אַלעס וואָס מיר האָבען צו טהאָן, איז איהם אָבוואַרטען ביי דער באַנק און אַרויסלאָזען די צירקולאַרען."

דאָס איז אפילו ניט געווען אַזוי לייכט דורכצופיהרען; ווייל מר. האַיד איז געווען ווינציג וואָס בעקאַנט — זאָגאַר די דיענסט־מיידעל האָט איהם בלויז געזעהן צוויי מאָל. פון זיין פאַמיליע האָט מען אין ערגעץ קיין שפור ניט געקענט געפינען; ער האָט זיך קיינמאָל ניט געלאָזט פאָטאָגראַפירען; און די עטליכע, וועלכע האָבען איהם ווי עס איז געקענט בעשרייבען, האָבען זיך שטאַרק אונטערשיידעט אין זייערע שילדערונגען. נור אין איין פונקט זיינען זיי זיך אַלע צונויפגעגאַנגען; און דאָס איז געווען דאָס פערפאָלגענדע געפיהל פון אַן אונבעשרייבליכער פערקריפּעלטקייט, וואָס איז געבליבען ביי יעדען איינעם, וועלכער האָט דעם מאַן אַמאָל געזעהן.

# דער בריעף.

עס איז שוין געווען שפעט נאָכמיטאָג, ווען אַטערסאָן איז צוגע־קומען צו דער טהיר פון דר. דזשייקעל'ס הויז. דער הויפּט־דיענער פּול האָט איהם אַריינגעלאָזט, און איהם דורכפיהרענדיג דורך אַ הויף וואָס איז אַמאָל געווען אַ גאָרטען, זיינען זיי צוגעקומען צו דער גע־ביידע, וואָס איז געווען בעקאַנט אַלס דעם דאָקטאָר'ס לאַבאָראַטאָריע. ס'איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס דער אַדוואָקאַט איז אויפגענו־מען געוואָרען אין דיעזער אָבטהיילונג פון זיין פריינד'ס הויז. ער האָט דערום מיט נייגיעריגע בליקען בעטראַכט די געביידע פון אַלע זייטען. אַמאָל איז דאָס געווען אַן אַנאַטאָמישער טהעאַטער, איצט זיינען די טישען געווען בעלאָדען מיט אַלערליי כעמישע שטאָפען און אַפּאַראַטען. אין אַ ווינקעל איז געווען אַ רייה טרעפּ, וועלכע האָבען געפיהרט צו אַ טהיר, פערשלאָגען מיט אַ רויטען טוך; און דורך דיזער טהיר איז אַטערסאָן ענדליך אַריינגעקומען צו דעם דאָקטאָר אין קאַבינעט. דאָס איז געווען אַ גרויס צימער, פיין מעבעלירט, צוויי־שען אַנדערעס מיט אַ גרויסען שפּיגעל און מיט אַן אַרבייטס־טיש; דריי פערשטויבטע פענסטער מיט אייזערנע גראַטעס האָבען אַרוים־געקוקט אויפ'ן הויף. דאָס פייער האָט געברענט אין קאַמין, און איבער'ן קאַמין איז געשטאַנען אַן אָנגעצונדענער לאָמפּ, ווייל דער נעבעל האָט זיך זאָגאַר אַריינגעשפּאַרט אינעווייניג אין די הייזער. און דאָרט, נאָהענט ביים פייער, איז געזעסען דר. דזשייקעל, וועלכער האָט אויסגעקוקט זעהר קראַנק. ער האָט זיך ניט אויפגעהויבען אויפצונעהמען זיין גאַסט, נאָר ער האָט איהם אויסגעשטרעקט אַ קאַל־טע האַנד און איהם בעגריסט מיט אַ פערענדערטער שטימע.

„און איצט," האָט זיך אַטערסאָן אָנגערופען, אַזוי גיך ווי

פול איז אַרויס פון צימער, „האָט איהר געהערט די נייעס?"

דער דאָקטאָר האָט אַ שווידער געטהאָן. „זיי האָבען עס אויסגעשריען אונטען אין גאַס," האָט ער געזאָגט. „איך האָב עס געהערט פון מיין עסס-צימער."

„איין וואָרט," האָט געזאָגט דער אַדוואָקאַט. „קערויו איז געווען מיין קליענט, אָבער דאָס זעלבע זייט איהר; און איך וויל וויסען וואָס איך האָב צו טהאָן. איהר זייט דאָך געוויס ניט פערריקט גענוג צו בעהאַלטען דיזען חברה-מאַן?"

„אַטערסאָן, איך שווער ביי גאָט," האָט אויסגערופען דער דאָק-טאָר, „איך שווער ביי גאָט, אַז איך וועל איהם מעהר פאַר מיינע אויגען ניט זעהן. איך גיב אייך מיין עהרען-וואָרט, אַז צווישען מיר און איהם איז אַלעס אויס. און דעם אמת זאָגענדיג, נייטיגט ער זיך גאָר ניט אין קיין הילף; איהר קענט איהם ניט אזוי ווי איך; ער איז געזיכערט, ער איז פאָלשטענדיג געזיכערט. הערט וואָס איך זאָג אייך: מען וועט מעהר פון איהם ניט הערען."

דער אַדוואָקאַט האָט זיך מיט אַ טרויעריגער מיענע צוגעהערט צו דזשייקעל'ס רייד; זיין פריינד'ס היציגע, אויפגערעגטע האַלטונג איז איהם ניט געפעלען. „איהר זעהט אויס צו זיין גאַנץ זיכער מיט איהם," האָט ער געזאָגט; „און איך האָף, אַז דאָס וואָס איהר פערשפרעכט, וועט מקוים ווערן. אויב די זאַך זאָל קומען פאַר'ן געריכט, דאַן קען נאָך אייער נאָמען פערמישט ווערן."

„איך בין גאַנץ זיכער מיט איהם," האָט דזשייקעל געענטפערט; „איך האָב אַזעלבע גרינדע צו זיין זיכער, וועלכע איך קען איצט קיינעם ניט דערצעהלען. אָבער איין זאַך איז דאָ, וועגען וואָס איך וואָלט וועלען זיך מיט אייך אַן עצה האַלטען. איך האָב—איך האָב בעקומען א בריעף; אין איך ווייס ניט, צי זאָל איך איהם איבערגעבען דער פאָליציי. איך וואָלט עס בעסער וועלען איבערגעבען צו אייך אין די הענד, אַטערסאָן. איך בין זיכער, אַז איהר קענט קליגער אורטהיילען איבער דעם; איך האָב אַזוי פיעל צוטרוי צו אייך."

„איהר האָט, הייסט עס, מורא, דאָס זאָל ניט פיהרען צו זיין ענטדעקונג?" האָט דער אַדוואָקאַט געפרעגט.

„ניין," האָט דער דאָקטאָר געענטפערט, „מיך הויבט ניט אָן אַרען, וואָס מיט האַיד'ן וועט זיין; איך בין פאָלשטענדיג פאַרטיג

מיט איהם. איך דיינק וועגען מיין אייגענעם כאַראַקטער, וועלכער ווערט קאָמפּראָמיטירט דורך דיזער עקעלהאַפטער געשיכטע."

אַטערסאָן האָט זיך פערטראַכט אַ ווײלע; זיין פריינד'ס עגאָאיזם האָט איהם איבערראַשט, דאָך איז איהם אַביסעל לייכטער געוואָרען אויף'ן האַרצען. „נו," האָט ער זיך ענדליך אָבגערופען, „לאָמיך זעהן דעם בריעף."

דער בריעף איז געשריבען געוואָרען מיט אַן אייגענאַרטיגער, גראַדער האַנדשריפט און גע'חתמ'עט „עדוואַרד האַיד"; און ער האָט ענטהאַלטען אין קורצען פאָלגענדעס: אַז דעם שרייבער'ס וואָהלטהעטער, דר. דזשעיקעל, וועמען ער האָט אַ לאַנגע צייט אַזוי אונווירדיג בעצאָהלט פאַר אַזוי פיעל טובות, דאַרף זיך גאָר ניט זאָרגען פאַר זיין זיכערהייט, ווייל ער האָט גענוג וועגען צו אַנטלויפען. דעם אַדוואָקאַט איז דער בריעף גאַנץ גוט געפעלען: דאָס האָט איהם בעסער און קלעהרער געצייגט די אינטימיטעט צווישען די צוויי, ווי ער האָט זי זיך ביז אַהער פאָרגעשטעלט; און ער האָט זיך אַליין געמאַכט פאָרווירפע פאַר אַ טהייל פון זיינע ביז אַהעריגע פערדעכטיגונגען.

„האָט איהר דעם קאָנווערט?" האָט ער געפרעגט.

„איך האָב איהם פערברענט, איידער איך האָב בערעכענט וואָס איך טהו," האָט דזשעיקעל געענטפערט. „אָבער ער האָט ניט געהאַט קיין פּאָסט-מאַרקע אויף זיך. דער בריעף איז אַריינגעשיקט געוואָרען מיט אימיצען."

„זאָל איך דאָס נעהמען און עס בעהאַלטען ביי זיך?" האָט אַטערסאָן געפרעגט.

„אורטהיילט פאַר מיר ווי אַם בעסטען," האָט דזשעיקעל געענטפערט. „איך האָב פערלאָרען יעדען צוטרוי צו זיך אַליין."

„נאַ, איך וועל זיך מישב זיין," האָט געענטפערט דער אַדוואָקאַט. „און איצט נאָך איין וואָרט: האָט דאָס האַיד דיקטירט די ווערטער אין אייער צוואה וועגען אייער פערשווינדונג?"

דער דאָקטאָר האָט אויסגעזעהן, אַזוי ווי ער וואָלט געהאַלטען דערביי צו פאַלען אין אָהנמאַכט. ער האָט פעסט צוגעדריקט זיין מויל און אַ שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ.

„כ'האָב עס געוואוסט," האָט אַטערסאָן געזאָגט. „ער האָט געהאַט בדעה אייך צו ערמאָרדען. איהר האָט נאָך גליקליך אָבגעשניטען פון איהם."

„איך האָב נאָך מעהר ווי גליקליך אָבגעשניטען," האָט דער דאָקטאָר מיט אַ פייערליכען טאָן געענטפערט. „כ'האָב געהאַט אַ לעקציאָן — אָה גאָט, אַטערסאָן, וואָס פאַר אַ לעקציאָן איך האָב דאָס געהאַט!" און ער האָט אויף אַ ווײַלע פערדעקט זיין געזיכט מיט די הענד.

אַרויסגעהענדיג האָט זיך דער אַדוואָקאַט אָבגעשטעלט ריידען אַ פּאָר ווערטער מיט דעם משרת פּול. „יאָ," האָט ער געזאָגט, „מען האָט היינט געבראַכט אַ בריעף; קענט איהר מיר זאָגען, ווי אַזוי דער, וואָס האָט איהם געבראַכט האָט אויסגעזעהן?" אָבער פּול איז געווען זיכער, אַז קיין זאַך איז ניט געקומען, אויסער דורך דער פּאָסט; „און דערצו בלויז צירקולאַרען," האָט ער צוגעלייגט.

דיזע נייעס האָט אין דעם אַדוואָקאַט פון דאָס ניי דערוועקט זיינע פערדעכטיגונגען. גאַנץ איינפאַך, דער בריעף האָט געמוזט אָנקומען דורך דער טהיר פון דער לאַבאָראַטאָריע; מעגליך, אַז ער איז גאָר געשריבען געוואָרען ביים דאָקטאָר אין אַרבייטס-צימער; און אויב דאָס איז אַזוי, דאַן דאַרף ער אַנדערש געאורטהיילט ווערן, דאַן מוז מען איהם בעהאַנדלען אַביסעל פאָרזיכטיגער.

געהענדיג אין גאַס האָט ער געהערט, ווי די צייטונגס פערקויפער האָבען געשריען אויף'ן קול: „ספּעציעלע אויסגאַבע. שרעקליכער מאָרד פון אַ מיטגליעד פון פּאַרלאַמענט." דאָס איז געווען דער הספד נאָך איין פריינד און קליענט זיינעם; און ניט ווילענדיג איז איהם אַרויף אויף'ן זינען די מורא, אַז דער נאָמען פון אַן אַנדער פריינד זאָל ניט אַריינגעמישט און קאָמפּראָמיטירט ווערן אין דעם סקאַנדאַל. יעדענפאַלס האָט ער איצט געמוזט פאַסען אַ בעשלוס איבער אַ זעהר פערדרעהטע פראַגע; און ווי פערטרויט ער איז ניט געווען אין זיך אַליין, האָט זיך איהם איצט זעהר געוואָלט האָבען אימיצען, מיט וועמען זיך צו בעראַטהען דריבער. אַזאַ איינעם האָט ער ניט געקענט האָבען גלייך אויף'ן שטעל; אָבער פיליייכט וועט ער איהם דאָך געפינען.

אין אַ שטיקעל צייט אַרום איז ער געזעסען ביי זיך אין דער־היים, ביי איין זייט פֿון׳ם קאַמין און זיין הויפּט שרייבער, מר. געסט אויף דער אַנדער זייט. צווישען זיי, אַביסעלע דערווייטערט פֿון׳ם פֿייער, איז געשטאַנען אַ פֿלאַש זעהר אַלטער וויין, וואָס איז אַ לאַנגע צייט געלעגען אין דער דונקעלהייט פֿון דעם קעלער. דער נעבעל איז נאָך געהאַנגען איבער דער שטאָדט; און דורך דעם שלייער פֿון דיזע אַרונ־טערפֿאַלענדע וואָלקענס איז זיך דאָס שטאָדטיגע לעבען פֿונדעסטוועגען געגאַנגען זיין וועג און האָט געראַוישט ווי אַ מעכטיגער ווינד. אָבער אין צימער איז געווען געמיטהליך און ליכטיג. דער אַדוואָקאַט איז געזעסען פֿערטיעפֿט אין זיינע געדאַנקען. ס׳איז ניט געווען קיין איינער, פֿאַר וועמען ער האָט זיך אַזוי געהיט מיט אַ סוד, ווי פֿאַר געסט׳ן; און ער איז ניט אימער זיכער געווען ביי זיך, אַז ער האָט זיך גענוג אויסגעהיט. געסט איז אָפֿט געווען ביים דאָקטאָר אין הויז וועגען געשעפֿט; ער האָט זיך געקענט מיט פּול׳ן; ס׳איז כמעט אונמעגליך געווען, ער זאָל ניט האָבען געהערט וועגען מר. האַיד׳ס בעקאַנטשאַפֿט אין הויז. זעהר מעגליך, אַז ער זאָל קענען ציהען וועלכע שליסע. וואָלט אַלזאָ ניט געווען ראַטהזאַם, ער זאָל זעהן אַ בריעף, וואָס מאַכט קלעהרער דיזעס געהיימנים? און דערצו איז דאָך געסט אַ געלערענטער און אַ גרויסער מבין אויף האַנדשריפֿטען! אויסערדעם איז דער שרייבער געווען אַ מאַן פֿון ראַטה; ער וואָלט ניט געקענט דורכלעזען אַזאַ מערקווירדיגען דאָקומענט און דערביי ניט מאַכען וואָס פֿאַר עס איז בעמערקונג; און דורך דיזער בעמערקונג וואָלט אַטערסאָן געקענט בעשטימען, ווי אַזוי אָנצוגעהן אין דער צוקונפֿט.

„דאָס איז אַ טרויעריגער פֿאַל מיט סער דאַנווערס קעריו,״ האָט ער זיך אָבגערופֿען.

„יאָ, מיין הערר, ווירקליך אַ טרויעריגער פֿאַל,״ האָט געענט־פֿערט געסט, „און ער האָט פֿעראורזאַכט אַ גרויסע אויפֿרעגונג אין שטאָדט. דער מאַן איז, פֿערשטעהט זיך, געווען משוגע.״

„איך וואָלט געוואָלט הערען אייער מיינונג וועגען דעם,״ האָט אַטערסאָן געענטפֿערט. „איך האָב דאָ אַ בריעף מיט זיין האַנדשריפֿט; דאָס מוז אָבער בלייבען צווישען אונז ביידען, ווייל איך ווייס ווירקליך ניט וואָס צו טהאָן דערמיט; ס׳איז יעדענפֿאַלס אַן עקעלהאַפֿטע

געשיכטע. אָבער דאָ האָט איהר עס: אַ מערדער׳ס אייגענע האַנד־שריפֿט.״

געסט׳ס אויגען האָבען אויפֿגעלויכטען און ער האָט עס גלייך גענומען שטודירען מיט ליידענשאַפֿט. „ניין, מיין הערר,״ האָט ער געזאָגט; „ניט משוגע; נאָר עס איז אַ מאָדנע האַנדשריפֿט.״

„און יערענפֿאַלס אַ זעהר מאָדנער שרייבער,״ האָט דער אַדוואָקאַט צוגעלייגט.

אין דער רגע איז דער דיענער אַריין מיט אַ בריעף.

„איז דאָס פֿון דר. דזשייקעל, מיין הערר?״ האָט דער שרייבער זיך נאָכגעפֿרעגט. „כ׳מיין, אַז איך דערקען די האַנדשריפֿט. איז דאָס פּריוואַט, מר. אַטערסאָן?״

„בלויז אַן איינלאַדונג צום מיטאָג. וואָרום? איהר ווילט עס זעהן?״

„איין סעקונדע. איך דאַנק אייך, מיין הערר;״ און דער שרייבער האָט אַוועקגעלייגט איין בריעף לעבען צווייטען און פֿערגליכען די האַנדשריפֿטען. „אַ דאַנק אייך, מיין הערר,״ האָט ער געזאָגט, צוריקגעבענדיג דעם אַדוואָקאַט ביידע בריעף; „ס׳איז אַ זעהר אינטערעסאַנטע האַנדשריפֿט.״

דאַן זיינען זיי ביידע אויף אַ ווײַלע שטיל געוואָרען. ס׳האָט אויסגעזעהן, אַז דער אַדוואָקאַט קעמפֿט מיט זיך אַליין. „נאָך וואָס האָט איהר זיי פֿערגליכען, געסט?״ האָט ער פּלוצלינג אַ פֿרעג געטהאָן.

„דערפֿאַר, מיין הערר, ווייל צווישען זיי איז פֿאַרהאַן אַ מערקווירדיגע עהנליכקייט,״ האָט דער שרייבער געענטפֿערט; „די צוויי האַנדשריפֿטען זיינען אין פֿיעלע הינזיכטען דיזעלבע, נאָר אַנדערש פֿאָרמירט.״

„זעהר זאָנדערבאַר,״ האָט דער אַדוואָקאַט געזאָגט.

„ס׳איז, ווי איהר זאָגט, זעהר זאָנדערבאַר,״ האָט געענטפֿערט דער שרייבער.

„איהר פֿערשטעהט דאָך, אַז וועגען דיזען בריעף דאַרף ניט גערעדט ווערען,״ האָט דער אַדוואָקאַט געזאָגט.

„ניין, מיין הערר,״ האָט דער שרייבער געענטפֿערט. „איך פֿערשטעה.״

נאָר אַזוי געשווינד ווי אַטערסאָן איז יענע נאַכט געבליבען אַליין בײַ זיך אין צימער, האָט ער פֿערשלאָסען דעם בריעף אין זיין שראַנק, וואו ער איז שוין געבליבען ליגען.

„וואָס!" האָט ער בײַ זיך געטראַכט. „הענרי דזשייקעל זאָל פֿעלשען אַ בריעף פֿאַר אַ מערדער!"

און דאָס בלוט איז איהם אַזוי ווי פֿערגליווערט געוואָרען אין די אָדערן.

# די מערקווירדיגע פאסירונג מיט דר. לעניאן.

די צייט איז געפלויגען; טויזענדער פונטען זיינען געבאָטען געוואָרען צו דעם, וואָס וועט געפינען דעם מערדער פון סער דאַנווערס קעריו; אָבער מר. האַיד איז ווי אין וואַסער אַריין, גלייך ער וואָלט גאָר קיינמאָל ניט עקזיסטירט. פיעלעס פון זיין פערגאַנגענהייט איז אויסגעפונען געוואָרען, און אַלעס גאַנץ שענדלידע זאַכען: מען האָט דערצעהלט אַלערליי געשיכטען וועגען זיין כאַראַקטער, זיין גרויזאַמקייט, זיין מיאוס'ן לעבען; וועגען דעם האַס, וואָס האָט אַרומגערינגעלט זיין גאַנצע קאַריערע; אָבער וועגען דעם וואו ער געפינט זיך— קיין זילבע ניט. פון דער צייט אָן וואָס ער האָט פערלאָזען דאָס הויז אין סאָהאָ, אין דעם פריה-מאָרגען פון'ם מאָרד, איז ער איינפאַך אויסגעמעקט געוואָרען; ביסלאַכווייז איז די זאַך געוואָרען אָבגעקיהלט, און אַטערסאָן האָט זיך אָנגעהויבען פיהלען לייכטער און בערוהיגטער. דער טויט פון סער דאַנווערס איז, לויט זיין מיינונג, מעהר ווי בעצאָהלט געוואָרען דורך דער פערשווינדונג פון מר. האַיד. איצט, אַז דער שלעכטער איינפלוס איז אַוועק, האָט זיך פאַר דר. דזשייקעל אָנגעפאַנגען אַ ניי לעבען. ער איז אַרויסגעקומען פון זיין אָבגעשלאָסענקייט, האָט בעזוכט די פריינדשאַפט מיט זיינע אַלטע בעקאַנטע, איז ווידער געוואָרען זייער גאַסט און אונטערהאַלטער. ער איז געוועזען בעשעפטיגט, האָט זיך אָבגעגעבען מיט קהל'שע זאַכען, האָט פיעל פערבראַכט אין דער פרישער לופט און זיין געזיכט האָט אויסגעזעהן אָפענער און ליכטיגער; און איבער צוויי מאָנאַט צייט האָט דער דאָקטאָר געלעבט אין פריעדען און רוה.

דעם 8-טען יאַנואַר האָט אַטערסאָן געגעסען מיטאָג ביים דאָקטאָר

אין הויז צוזאַמען מיט נאָך עטליכע פריינד; לעניאָן איז אויך געווען דאָרט; דעם בעל הבית'ס אויגען האָבען מיט צופֿריעדענהייט אַרומגעוואַנדערט פֿון איין פריינד צום צווייטען, ווי אין די אַמאָליגע טעג, ווען די דריי זיינען געווען אונצושיידבאַרע פריינד. דעם 12־טען, און ווידער אַמאָל דעם 14־טען, איז שוין די טהיר געווען פערשפאַרט פֿאַר דעם אַדוואָקאַט. „דער דאָקטאָר געהט ניט אַרויס פֿון שטוב," האָט פול געזאָגט, „און ער וויל קיינעם ניט זעהן." דעם 15־טען האָט ער ווידער געפּרובירט, און איז ווידער ענטזאַגט געוואָרען; און אַזוי ווי ער איז פֿאַר די לעצטע צוויי מאָנאַטען געוואוינט געווען צו זעהן זיין פריינד יעדען טאָג, האָט דאָס איצט שלעכט געווירקט אויף איהם. די פינפטע נאַכט האָט ער פֿערבעטען זיין שרייבער געסט צו זיך אויף נאַכטמאָהל, און די זעקסטע נאַכט איז ער אַוועק צו דר. לעניאָן.

דאָרט ווייניגסטענס האָט מען זיך ניט ענטזאַגט איהם אויפֿצונעהמען; אָבער ווען ער איז אַריינגעקומען, איז ער ערשטוינט געוואָרען צו זעהן, ווי אַזוי דער דאָקטאָר האָט זיך פֿערענדערט. מען האָט געקענט דייטליך לעזען זיין טויט־אורטהייל ביי איהם אויף'ן געזיכט. דער רויט־באַקיגער מאַן איז געוואָרען בלאַס, זיין פלייש איז שטאַרק אָבגעפֿאַלען; ס'איז דייטליך געווען צו זעהן, אַז ער איז געוואָרען עלטער. אָבער דיזע סימנים פֿון אַ שנעלער פיזישער פֿערוועלקונג האָבען ניט אַזוי שטאַרק צוגעצויגען די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון דעם אַדוואָקאַט, ווי דער בליק פֿון זיין אויג און זיינע מאַניערען, וועלכע האָבען עדות געזאָגט, אַז טיעף אין זיין מוח האָט זיך בעזעצט אַ גרויסער שרעק. ס'איז געווען אונוואַהרשיינליך, אַז דער דאָקטאָר זאָל מורא האָבען פֿאַר'ן טויט; און דאָך האָט איהם אַטערסאָן פֿאַרט חושד געווען אין דעם. „יאָ," האָט ער זיך געטראַכט, „ער איז אַ דאָקטאָר, ער מוז אַודאי וויסען זיין אייגענעם צושטאַנד און אַז זיינע טעג זיינען געצעהלט; און ער קען דאָס ניט אַריבערטראָגען." און דאָך, ווען אַטערסאָן האָט געמאַכט אַ בעמערקונג וועגען דעם, ווי שלעכט ער זעהט אויס, האָט לעניאָן מיט אַ פֿעסטקייט געענטפֿערט, אַז ער בעטראַכט זיך פֿאַר אַ צום טויט פֿעראורטהיילטען מאַן.

„איך האָב געהאַט אַ שרעק," האָט ער געזאָגט, „און איך וועל מעהר קיינמאָל צו זיך ניט קומען. ס'איז נור אַ פראַגע פֿון עטליכע

וואָכען. נאַ, דאָס לעבען איז געווען אַנגענעהם; איך האָב עס ליעב געהאַט; יאָ, מיין הערר, אַמאָל האָב איך עס ליעב געהאַט. צייטענווייז דיינק איך, אַז ווען מיר וואָלטען געוואוסט אַלעס, וואָלטען מיר געווען צופרידענער זיך אָבצוטראָגען."

„דזשייקעל איז אויך קראַנק", האָט אַטערסאָן בעמערקט. „האָט איהר איהם געזעהן?"

אָבער לעניאָן'ס געזיכט איז געוואָרען אַלערליי קאָלירען און ער האָט אויסגעשטרעקט אַ ציטערענדע האַנד. „איך וויל מעהר ניט זעהן און ניט הערען קיין וואָרט פון דר. דזשייקעל," האָט ער געזאָגט מיט אַ הויכער, אָבער ניט־פעסטער שטימע. „אַלעס איז געענדיגט צווישען מיר און דיזער פּערזאָן; און איך בעט, איהר זאָלט מיר ניט דערמאָנען דעם נאָמען פון אַ מענשען, וועלכען איך האַלט פאַר טויט."

„נאַ, נאַ!" האָט זיך אַטערסאָן אָבגערופען; און דאַן, נאָך אַ היבשער פּויזע, האָט ער געפרעגט: „קען איך ניט טהאָן עפּעס אין דער אָנגעלעגענהייט? מיר זיינען דריי גאַנץ אַלטע פריינד, לעניאָן; מיר וועלען שוין אין לעבען ניט האָבען קיין אַנדערע פריינד."

„קיין זאַך קען ניט געטהאָן ווערן," האָט לעניאָן געענטפערט; „פרעגט איהם אַליין."

„ער וויל מיך ניט זעהן," האָט געזאָגט דער אַדוואָקאַט.

„דאָס וואונדערט מיך אַבסאָלוט ניט," איז געווען דער ענטפער. „ווען עס איז, אַטערסאָן, נאָך מיין טויט, וועט איהר פיליייכט דערגעהן דאָס רעכט און אונרעכט פון דיזער אַנגעלעגענהייט. איך קען דאָס אייך ניט דערצעהלען. און דערוויל, אויב איהר קענט ריידען מיט מיר וועגען אַנדערע זאַכען, אין גאָט'ס נאָמען, טהוט עס, אָבער אויב איהר קענט זיך ניט צוריקהאַלטען פון דיזען פערפלוכטען געגענשטאַנד, דאַן געהט אייך אין גאָט'ס נאָמען, וואָרים איך קען דאָס ניט איבערטראָגען."

ווי נור אַטערסאָן איז געקומען אַהיים, האָט ער זיך אַנידערגעזעצט און אָנגעשריבען אַ בריעף צו דזשייקעל'ן, זיך בעקלאָגענדיג דערויף וואָס ער איז עטליכע מאָל אויסגעשלאָסען געוואָרען פון זיין הויז, און פרעגענדיג די אורזאַך פון דיזען אונגליקליכען קריעג מיט לעניאָן; און אייף מאָרגען האָט ער געקראָגען אַ לאַנגען ענטפער,

זועלכער איז ערטערווייז געווען זעהר ריהרענד, און ערטערווייז גע־היימניספול און פינסטער. דער קריעג מיט לעניאָן איז אַ פערפאַלענע זאַך, אונמעגליך גוט צו מאַכען. „איך בעשולדיג נים אונזער אַלטען פריינד,״ האָט דזשייקעל געשריבען, „אָבער איך בין אויך מיט דער מיינונג, אַז מיר טאָרען זיך מעהר ניט צונויפטרעפען. פון איצט און ווייטער דיינק איך צו פיהרען אַ לעבען פון אַבסאָלוטער אָבגעזונ־דערטקייט. איהר דאַרפט זיך ניט וואונדערן, און איהר דאַרפט ניט צווייפלען אין מיין פריינדשאַפט, ווען מיין טהיר איז אָפט צוגעמאַכט זאָגאַר פאַר אייך. איהר מוזט מיך לאָזען געהן אויף מיין אייגענעם פינסטערן וועג. איך האָב אויף זיך געבראַכט אַ שטראָף און אַ געפאַהר, וואָס איך קען ניט בעשרייבען. אויב איך בין דער גרעסטער זינדער, בין איך אויך דער גרעסטער ליידענדער. איך האָב קיינמאָל ניט גערעכענט, אַז אויף דער וועלט איז פאַרהאַן אַ פלאַץ פאַר אַזעלכע שרעקליכע יסורים און שרעקען; און איהר קענט טהאָן בלויז איין זאַך, אַטערסאָן, צו פערלייכטערן מיין שיקזאַל, און דאָס איז צו רעספעקטירען מיין שטיל־שווייגען.״

אַטערסאָן איז געווען ערשטוינט. דער שוואַרצער איינפלוס פון האַיד איז פערשוואונדען, דער דאָקטאָר האָט זיך שוין געהאַט אומ־געקעהרט צו זיינע אַלטע בעשעפטיגונגען און אונטערהאַלטונגען. מיט אַ וואָך צוריק האָט די צוקונפט פאַר איהם געשיינט מיט די בעסטע אויסזיכטען פון אַ גליקליכער און בכבוד'יגער עלטער; און איצט, אין אַ מאָמענט, איז אַלעס, פריינדשאַפט, גייסטעס־רוה און דאָס גאַנצע לעבען זיינס, אַלעס איז צו גרונד געגאַנגען. אַזאַ גרויסע און אומגעריכטע ענדערונג איז געווען אַן אָנדייטונג אויף וואַהנזינן; אָבער נעהמענדיג אין בעטראַכט לעניאָן'ס ווערטער, האָט דאָ געמוזט ליגען אַ טיעפערער גרונד.

אין אַ וואָך אַרום האָט זיך דר. לעניאָן אַוועקגעלייגט קראַנק, און אין פערצעהן טעג ציים איז ער געשטאָרבען. די נאַכט נאָך דער לויה, וועלכע האָט אויף איהם געמאַכט אַ טרויעריגע און ריה־רענדע ווירקונג, האָט אַטערסאָן פערשלאָסען די טהיר פון זיין אַר־בייטס־צימער, און זיצענדיג ביים שיין פון אַ מרה שחורה'דיגען ליכט, האָט ער אַרויסגענומען אַ קאָנווערט, אַדרעסירט מיט דער האַנד און פער'חתם'עט מיט'ן זיגעל פון זיין טויטען פריינד.

„פּריוואַט: פאַר דזש. ג. אַטערסאָן אַליין, און אין פאַל ער וועט פריהער שטאַרבען, זאָל דאָס פערניכטעט ווערען, נים געלעזענערהייט." אַזוי איז געשטאַנען אויסדריקליך אָנגעשריבען אויף'ן קאָנווערט; און דער אַדוואָקאַט האָט מורא געהאַט אַ קוק צו טהאָן, וואָס אינעווייניג טהוט זיך. „איך האָב בעגראָבען איין פריינד היינט," האָט ער זיך געטראַכט; „זאָל דאָס מיר אַקאָרשט ניט קאָסטען אַ צווייטען!" אָבער דאַן האָט ער דיזע מורא פערדאַמט ביי זיך אין האַרצען אַלס אַן אונטרייהייט און אויפגעבראָכען דעם זיגעל. אינעווייניג איז געלעגען נאָך אַ קאָנווערט, אויך אַ פערזיגעלטער, אויף וועלכען עס זיינען געשטאַנען די ווערטער: „דאָס זאָל ניט געעפענט ווערן ביז דעם טויט אָדער די פערשווינדונג פון דר. הענרי דזשייקעל."

אַטערסאָן האָט ניט געגלויבט זיינע אייגענע אויגען. יאָ, פערשווינדונג, אַזוי איז געשטאַנען אויף'ן קאָנווערט; דאָ ווידער, אַזוי ווי אין דער וואַהנזיניגער צוואה, וועלכע ער האָט אָבגעשיקט צוריק צום אייגענטהימער,— דאָ איז ווידער דער געדאַנק פון פערשווינדונג און דער נאָמען פון דזשייקעל געווען איינג פערבונדען. אָבער אין דער צוואה איז דיזער געדאַנק געקומען פון דער פינסטערער ווירקונג פון דעם מאַן האַיד; ס'איז אַריינגעשטעלט געוואָרען אַהין מיט אַ גאַנץ דייטליכען און שוידערליכען צוועק. אָבער געשריבען מיט לעניאָן'ס האַנד, וואָס קען דאָס בעדייטען? אַ גרויסע נייגיעריגקייט איז איהם בעפאַלען, און ער האָט חשק געהאַט ניט צו פאָלגען דעם פערבאָט, און גלייך אויסגעפינען די סודות; אָבער די פראָפעסיאָנעלע עהרע און די טרייהייט צו זיין טויטען פריינד האָבען איהם אָבגעהאַלטען דערפון; און דער פאַקעט איז אַוועק שלאָפען אין דעם טיעפסטען ווינקעל פון זיין פריוואַטען שראַנק.

פון דעם טאָג אָן האָט שוין אַטערסאָן ניט אַזוי שטאַרק געזוכט זיך צו זעהן מיט זיין איבערגעבליבענעם פריינד. ער האָט געדיינקט וועגען איהם מיט פריינדשאַפט; אָבער אויך מיט אונרוהיגקייט און שרעק. ער פלעגט נאָך ווען ניט ווען קומען צו דזשייקעל'ן, אָבער ער איז געווען צופריעדען, וואָס מען האָט איהם ענטזאַגט דעם צוטריט; ביי זיך אין האַרצען האָט ער פיליייכט פאָרגעצויגען צו ריידען מיט דעם דיענער פול ביי דער טהיר, אין דעם גערויש פון דער

שטאָדט, איידער אַרײַנצוגעהן אין דיזען הויז פֿון פּריוויליגער קנעכטשאַפֿט און זיצען דאָרט און ריידען מיט דעם אונפֿערשטענד־ליכען אָבגעשלאָסענעם מענשען. קיין זעהר גוטע נייעס האָט פֿול ניט געהאַט צו דערצעהלען. דער דאָקטאָר האָט איצט פֿערבראַכט זיין גאַנצע צייט אין דעם קאַבינעט איבער דער לאַבאָראַטאָריע, וואו ער פּלעגט זאָגאַר אָפֿט בלייבען שלאָפֿען. ער איז שטענדיג שלעכט אויפֿגעלייגט, האָט פּול דערצעהלט, ער רעדט זעהר זעלטען, ער לעזט ניט; ווער וויס, וואָס מיט איהם איז געשעהן! אַטערסאָן האָט זיך אַזוי צוגעוואוינט צו דיזען אונפֿערענדערטען ענטפֿער, אַז ער האָט ביסלאַכווייז אויפֿגעהערט בעזוכען דאָס הויז.

---

# ביים פענסטער.

---

איין זונטאָג, ווען אַטערסאָן איז, ווי געוועהנליך, געגאַנגען שפּאַצירען מיט מר. ענפֿיעלד, האָט זיך גראָד געמאַכט, אַז זיי זיינען ווידער אַמאָל דורכגעגאַנגען דורך'ן הינטער־געסעל; און אַז זיי זיינען צוגעקומען צו דער טהיר, האָבען זיי זיך ביידע אָבגעשטעלט קוקען אויף איהר.

„יאָ," האָט זיך ענפֿיעלד אָבגערופֿען, „דיזע געשיכטע וויינינגס־טענס איז אַרונטער פֿון מאַרק. דעם מר. האַיד וועלען מיר יעדענ־פֿאַלס שוין מעהר ניט זעהן."

„איך האָף, אַז ניט," האָט אַטערסאָן געזאָגט. „האָב איך אייך שוין אַמאָל דערצעהלט, אַז איך האָב איהם געזעהן, און אַז ער האָט אין מיר אויך אַרויסגערופֿען אַזאַ געפֿיהל פֿון עקעל ווי אין אייך?"

„ס'איז געווען אונמעגליך איהם צו זעהן און דאָס ניט צו פֿיהלען," האָט ענפֿיעלד געענטפֿערט. „און אַז מיר ריידען שוין יאָ דערפֿון: איהר האָט מיך געוויס געמוזט האַלטען פֿאַר אַ בהמה ניט צו וויסען, אַז דאָס איז אַ הינטער-טהיר צו דר. דזשייקעל'ס הויז. ס'איז טיילווייז געווען אייער שולד, וואָס איך האָב זיך דאָס דער־נאָך דערוואוסט."

„אַזוי? איהר האָט עס אַלזאָ אויסגעפֿונען?" האָט אַטערסאָן געזאָגט. „אָבער אויב אַזוי, לאָמיר טאַקע אַריינגעהן אַ ווײלע אין הויף און אַ קוק טהאָן אויף די פֿענסטער. איך וועל אייך זאָגען דעם אמת, איך בין זעהר אונרוהיג איבער דעם אָרעמען דזשייקעל; און איך פֿיהל, אַז זאָגאַר פֿון דרויסען קען די אָנוועזענהייט פֿון אַ פֿריינד האָבען אַ גוטע ווירקונג אויף איהם."

דער הויף איז געווען זעהר קיהל און אביסעל פייכטליך, און פול מיט א פריה־צייטיגען דעמערונגס־ליכט, הגם דער הימעל, הויך איבער זייערע קעפ, איז נאך געווען בעלויכטען פון דער אונטער־געהענדער זונן. דאס מיטעלסטע פון די דריי פענסטער איז געווען האלב אפען; און אויף א שטוהל הארט דערביי, מיט א זעהר טרויעריגער מיענע, ווי א טרייסטלאזער געפאנגענער, האט אטער־סאן בעמערקט דר. דזשייקעל'ן.

„ווי! דזשייקעל!" האט אטערסאן אויסגערופען. „איך האף, אז איהר פיהלט זיך בעסער."

„איך בין זעהר קראנק, אטערסאן," האט דער דאקטאר גע־ענטפערט; „זעהר קראנק. אבער געלויבט איז גאט, עס וועט ניט נעהמען לאנג."

„איהר זיצט צופיעל אין דערהיים," האט געזאגט דער אדוואָ־קאט. „איהר דארפט ארומגעהן שפאצירען, ווי מר. ענפיעלד און איך. (דאס איז מיין שוועסטער־קינד—מר. ענפיעלד—דר. דזשייקעל.) קומט אביסעל ארויס; נעהמט אייער הוט און קומט א ווילע מיט אונז."

„איהר זייט זעהר ליבענסווירדיג," האט דזשייקעל א זיפץ גע־טהאן. „איך וואלט עס זעהר גערן געוואלט טהאן; אבער ניין, ניין, ניין; ס'איז אבסאלוט אונמעגליך; איך טאר ניט. אבערווירקליך, אטער־סאן, איך בין זעהר צופריעדען, וואס איך זעה אייך; דאס איז ווירקליך א גרויס פערגניגען. איך וואלט אייך און מר. ענפיעלד'ן געבעטען ארויפקומען אביסעל צו מיר, אבער דער פלאץ איז ניט אויפגערוימט."

„נו," האט דער אדוואקאט מיט א גוטמוטהיגען טאן געזאגט, „דאס בעסטע, וואס מיר קענען טהאן, איז בלייבען דא אונטען און ריידען מיט אייך דורך'ן פענסטער."

„דאס איז פונקט וואס איך האב געהאט בדעה פארצושלאגען," האט דער דאקטאר געענטפערט מיט א שמייכעל. נאר ער האט קיים אויסגערעדט אויסצוריידען דיזע ווערטער, ווי דער שמייכעל איז פלוצלינג אבגעשטארבען, און אנשטאט דעם האט זיך אויף זיין גע־זיכט בעוויזען אן אויסדרוק פון אזא עקעלהאפטען שרעק און פער־צווייפלונג, אז דאס בלוט איז די צוויי מענער אונטען שיער ניט

פֿערגליווערט געוואָרען אין די אָדערן. זיי האָבען עס בלויז געזעהן איין איינציגע רגע, ווייל דער פֿענסטער איז האַסטיג אַרונטערגע־פֿאַלען; אָבער דער איין אויגענבליק איז געווען גענוג, און זיי האָבען זיך אויסגעדרעהט און פֿערלאָזען דעם הויף, ניט אויסריידענדיג קיין וואָרט. שטילערהייט, אָהן אַ האַלבען וואָרט, זיינען זיי אויך דורכ־געגאַנגען דאָס הינטער־געסעל; און נור דאַן, ווען זיי זיינען אַריינ־געקומען אין אַ דערבייאיגער גרויסער גאַס, וואו עס האָט אפילו זונטאָג אויך געראַוישט מיט לעבען, האָט זיך אַטערסאָן ענדליך אומ־געדרעהט און אַ קוק געטהאָן אויף זיין חבר. זיי זיינען ביידע געווען בלאַס; און אַ שרעק האָט אַרויסגעקוקט פֿון זייערע אויגען.

„גאָט זאָל אונז פֿערגעבען! גאָט זאָל אונז פֿערגעבען!" האָט זיך אַטערסאָן אָבגערופֿען.

אָבער ענפֿיעלד האָט מיט אַ זעהר ערנסטער מיענע בלויז צו־געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ, און איז געגאַנגען ווייטער, נים אויסריידענ־דיג קיין וואָרט.

# די לעצטע נאכט.

איין אָבענד נאָך'ן עסען איז אַטערסאָן געזעסען ביים פּייער. פּלוצלינג איז ער איבערראַשט געוואָרען, דערזעהענדיג דר. דזשייקעל'ס הויפּט־דיענער פּול ביי זיך אין הויז.

„זעה נור, פּול! וואָס ברייגגט אייך אַהער?" האָט ער אויסגעדופען; און דאַן, וואַרפּענדיג נאָך אַ בליק אויף איהם, האָט ער צוגעלייגט: „וואָס פּעהלט אייך? איז דער דאָקטאָר קראַנק?"

„מר. אַטערסאָן," האָט דער דיענער געענטפּערט, „עפּעס איז ביי אונז ניט גלאַט."

„זעצט זיך אַקאָרשט אַנידער, און דאָ האָט איהר אַ גלאָז וויין," האָט דער אַדוואָקאַט געזאָגט. „איצט נעהמט זיך צייט און דערצעהלט מיר גאַנץ איינפאַך וואָס ביי אייך איז."

„איהר ווייסט דאָך, מיין הערר, ווי אַזוי דער דאָקטאָר פּיהרט זיך די לעצטע צייט, ווי ער האָט ליעב זיך פּערמאַכען אין זיין צימער. נו, איצט האָט ער זיך ווידער אָבגעשלאָסען ביי זיך אין קאַבינעט, און דעם זאָגענדיג, געפּעלט עס מיר ניט; זאָל איך שטאַרבען, צי עס געפּעלט מיר. מר. אַטערסאָן, איך האָב שטאַרק מורא פּאַר איהם."

„מיין גוטער מאַן," האָט דער אַדוואָקאַט געזאָגט, „רעדט דאָך אַביסעל דייטליכער. זאָגט מיר, פאַרוואָס האָט איהר אייגענטליך מורא?"

„שוין באַלד אַ וואָך, אַז איך האָב מורא," האָט פּול געענטפּערט, מיט אַ כיוון אויסמיידענדיג צו ענטפּערן אויף דער פראַגע; „און איך קען עס שוין מעהר ניט אַריבערטראָגען."

דעם מאַן'ס אויסזעהן האָט פּאָלשטענדיג בעשטעטיגט זיינע

ווערטער. זיין האַלטונג, זיינע מאַניערען האָבען זיך אין גאַנצען גע־ענדערט; און אויסער דעם מאָמענט, ווען ער האָט ערקלעהרט זיין שרעק, האָט ער קיין איין מאָל ניט געוואַגט צו קוקען דעם אַדוואָ־קאַט אין געזיכט. זאָגאַר איצט איז ער געזעסען מיט׳ן פּולען גלאָז ויין אין דער האַנד, די אויגען אַראָבגעלאָזט צו דער ערד. „איך קען עס שוין מעהר ניט אַריבערטראָגען,“ האָט ער ווידערהאָלט.

„נאַ, בערוהיגט זיך,“ האָט דער אַדוואָקאַט געזאָגט. „ווי איך זעה, האָט איהר גוטע גרינדע, פּול; איך פערשטעה, אַז עס מוז זיין עטוואָס ערנסטעס ביי אייך. פּרובירט אַלזאָ און זאָגט מיר, וואָס דאָס איז אַזוינס.“

„איך דיינק, אַז אַ פערברעכען איז בעגאַנגען געוואָרען,“ האָט פול מיט אַ הייזעריגער שטימע געזאָגט.

„אַ פערברעכען!“ האָט אויסגעשריען דער אַדוואָקאַט שטאַרק דערשראָקען און אויפגערעגט. „וואָס פאַר אַ פערברעכען? וואָס מיינט איהר דערמיט?“

„איך וואַג עס ניט צו זאָגען,“ האָט פול געענטפערט; „אָבער ווילט איהר מיטגעהן מיט מיר און עס אַליין זעהן?“

אַטערסאָן האָט גאָר ניט געענטפערט דערויף, נאָר ער האָט זיך גלייך אויפגעהויבען און גענומען זיין הוט און זיין מאַנטעל. דערביי האָט ער מיט פערוואונדערונג בעמערקט, ווי דעם דינער׳ס געזיכט איז מיט אַמאָל אויפגעמונטערט געוואָרען, האָט געקריגען פאַרב, ניט קוקענדיג דערויף וואָס ער האָט געלאָזט שטעהן דאָס גלאָז ויין אונבעריהרט, און האָט זיך אויפגעהויבען מיטצוגעהן מיט דעם אַדוואָקאַט.

ס׳איז געווען אַ קאַלטער, ווינדיגער אָבענד אין מערץ; די בלאַסע לבנה איז געלעגען מאַכטלאָז, אַזוי ווי דער שניידענדער ווינד וואָלט זי דערשטאָבען. צוליעב׳ן ווינד איז געווען שווער צו ריידען. די גאַסען זיינען געווען פוסט, אַזוי ווי דער ווינד וואָלט אויסגעקעהרט די פער־ביינעהער. אַטערסאָן׳ן האָט זיך געדוכט, אַז ער האָט נאָך קיינמאָל דיזען טהייל פון לאָנדאָן ניט געזעהן אַזוי פערלאָזען און וויסט. און ער האָט גראָד געוואונשען דעם היפוך דערפון: קיינמאָל אין זיין לעבען האָט ער ניט געפיהלט אַזאַ שטאַרקע לוסט צו זעהן און צו קומען אין בעריהרונג מיט זיינע מיט־מענשען. וואָרים ווי ער האָט

ניט געקעמפּפט מיט זיך, איז ביי איהם אין מוח אַלץ שטאַרקער אַרויפגעשוואומען דער געדאַנק וועגען אַן אונערוואַרטעטען אונגליק.

דער סקווער, וואו זיי זיינען ענדליך אָנגעקומען, איז געווען פול מיט ווינד און שטויב, און די דינע בוימער האָבען זיך געהאַלטען אין איין אָבקלאַפּען אָן די גראַטעס פון׳ם סקווער. פול, וועלכער איז דעם גאַנצען וועג געגאַנגען עטליכע טריט פאָראויס, האָט זיך איצט אָבגעשטעלט אין מיטען טראָטואַר, און ניט קוקענדיג אויף דער בייסענדער קעלט, האָט ער אַרונטערגענומען זיין הוט און זיך אָבגעווישט דעם שטערן מיט אַ רויט טאַשטיכעל. אָבער דאָס איז ניט געווען דער שוויים פון מיעדקייט דורך דעם שנעלען גאַנג, נאָר די פייכטקייט פון אַ שטיקענדען פּחד. וואָרים זיין געזיכט איז געווען גאַנץ ווייס, און זיין שטימע, ווען ער האָט גערעדט, שטריינג און איבערגעריסען.

„אַלזאָ, מיין הערר,״ האָט ער געזאָגט, „ענדליך זיינען מיר דאָ, און זאָל גאָט געבען, אַז אַלעס זאָל זיין גוט!״

„אמן, פול,״ האָט געענטפערט דער אַדוואָקאַט.

דאַן האָט דער דיענער זעהר פאָרזיכטיג אָנגעקלאַפּט; די טהיר האָט זיך אַביסעל געעפענט, און אַ שטימע האָט פון אינעווייניג געפרעגט:

„דאָס ביסט דו, פול?״

„יאָ, איך,״ האָט פול געזאָגט. „עפען די טהיר.״

דאָס פאָרצימער, וואו זיי זיינען אַריין, איז געווען העל בעלויכטען; אַ גרויס פייער האָט געפלאַקערט, און אַרום דעם קאַמין איז געשטאַנען די גאַנצע דיענערשאַפט, מענער און פרויען, אַלע צוזאַמען, פונקט ווי אַ סטאַדע צושראָקענע שאָף.

דערזעהענדיג אַטערסאָן׳ן, האָט דאָס דיענסטמיידעל אויסגעבראָכען אין אַ היסטערישען געוויין; און די קעכין האָט אויסגעשריען: „געלויבט איז גאָט! ס׳איז מר. אַטערסאָן!״ און איז איהם געלאָפען אַנטקעגען, גלייך זי וואָלט איהם וועלען אומאַרמען.

„וואָס, וואָס איז דאָס? איהר זייט גאָר אַלע דאָ?״ האָט דער אַדוואָקאַט געזאָגט מיט אַ בייזליכען טאָן. דאָס איז עפּעס גאָר ניט ווי געהעריג, גאָר ניט פּאַסענד. אייער בעל הבית וואָלט עס זיכער ניט געפעלען, ווען ער זעהט עס.״

„זיי האָבען אַלע מורא,״ האָט פול געזאָגט.

אויף אַ רגע איז געוואָרען שטיל, קיינער האָט גאָר ניט גע־זאָגט; דאַן האָט די דיענסט ווידער אָנגעהויבען וויינען, און דאָס מאָל הויך אויף'ן קול.

„שטיל זאָל זיין!" האָט פול אַ געשריי געטהאָן מיט אַ ווילדען טאָן, וואָס האָט עדות געזאָגט אויף זיינע אייגענע צורודערטע נערוועז. און ווירקליך, ווען דאָס מיידעל האָט אָנגעהויבען העכער צו וויינען, האָבען זיך אַלעמענס צושראָקענע בליקען געווענדעט צו דער מי־טעלסטער טהיר, און אויף זייערע פנים'ער זיינען געווען צייכענס פון שרעקליכע ערוואַרטונגגען.

„און איצט," האָט זיך ווידער אָבגערופען דער דיענער, זיך ווענדענדיג צום הויז־אינגעל, „ברייננ מיר אַ ליכט, און מיר וועלען גלייך לייזען די פראַגע." דאַן האָט ער געבעטען אַטערסאָן'ן ער זאָל איהם נאָכגעהן, און זיי זיינען אַוועק צום גאָרטען אין הינטער־גרונד.

„איצט, מיין הערר," האָט ער געזאָגט, „געהט אַריין אַזוי שטיל ווי מעגליך. איך וויל, אַז איהר זאָלט אַלעס הערען, אָבער מען זאָל אייך ניט הערען. און גערדיינקט, טאָמער מאַכט זיך אַז ער בעט אייך אַריינגעהן, זאָלט איהר ניט געהן."

אַטערסאָן האָט ניט ערוואַרטעט צו הערען אַזעלכע ווערטער; ער איז געבליבען שטעהן ווי אַ צומישטער; אָבער ער האָט צונויפ־גענומען זיין גאַנצען מוטה און נאָכגעהענדיג דעם דיענער איז ער אַריין אין דער לאַבאַראַטאָריע, דאַן דורך דעם כירורגישען טהעאַטער, וואו אַלטע פלעשער און קערב האָבען זיך אַרומגעוואַלגערט, ביז וואַנען זיי זיינען צוגעקומען צו די טרעפ, וואָס האָבען אַרויפגעפיהרט צום דאָקטאָר'ס קאַבינעט.

דאָ האָט פול אַוועקגעשטעלט דאָס ליכט און מיט דער האַנד אָנגעוויזען דעם אַדוואָקאַט זיך אַנידערצושטעלען אויף איין זייט און זיך צוהערען; אַליין האָט ער צונויפגעקליבען אַזוי פיעל קוראַזש ווי־פיעל ער האָט געהאַט און איז אַרויף אויף די טרעפ. מיט אַ ציטע־רענדער האַנד האָט ער אָנגעקלאַפט אָן טהיר פון קאַבינעט.

„מר. אַטערסאָן ווינשט אייך צו זעהן, מיין הערר," האָט ער געזאָגט, און בעת מעשה האָט ער נאָך אַמאָל אַ וואונק געטהאָן דעם אַדוואָקאַט, ער זאָל זיך גוט צוהערען.

אַ קלאָגענדע שטימע האָט געענטפערט פון אינעווייניג: „זאָג איהם, אַז איך קען קיינעם ניט זעהן.“

„איך דאַנק אייך, מיין הערר,“ האָט פּול געזאָגט מיט אַ טאָן פון טריאומף אין זיין שטימע. דאַן האָט ער אויפגעהויבען דאָס ליכט און דורכגעפיהרט אַטערסאָן׳ן דורך׳ן הויף אין דער גרויסער קיך, וואו דאָס פייער איז שוין געווען אויסגעגאַנגען און די זשוקעס זיינען אַרומגעשפרונגען אויף דער ערד.

„מיין הערר,“ האָט ער געזאָגט, אַריינקוקענדיג אַטערסאָן׳ן גלייך אין די אויגען אַריין, „איז דאָס געווען מיין בעל הבית׳ שטימע?“

„זי שיינט צו זיין שטאַרק פערענדערט,“ האָט דער אַדוואָקאַט געענטפערט, זעהר בלייך, אָבער דאָך קוקענדיג פּול׳ן גלייך אין די אויגען אַריין.

„פערענדערט? נו יאָ, איך מיין עפּעס אַזוי,“ האָט דער דיענער געזאָגט. „צוואַנציג יאָהר בין איך געווען ביי איהם אין הויז, און איצט זאָל איך מיט אַמאָל ניט דערקענען זיין שטימע? ניין, מיין הערר; דער בעל הבית איז ערמאָרדערט; ער איז ערמאָרדעט געוואָרען מיט אַכט טעג צוריק, ווען מיר האָבען געהערט, ווי ער האָט אויסגערופען גאָט׳ס נאָמען; און ווער איז דאָס דער, וואָס געפינט זיך דאָרט אינעווייניג אָנשטאָט איהם, און פאַרוואָס געפינט ער זיך דאָרט, — דאָס איז אַ הימעלשרייענדע זאַך, מר. אַטערסאָן!“

„דאָס איז אַ זעהר מאָדנע געשיכטע, פּול; דאָס איז אַ ווילדע געשיכטע, מיין פריינד,“ האָט זיך אַטערסאָן אָבגערופען, בייסענדיג בעת מעשה זיין פינגער. „נו, לאָמיר זיך פאָרשטעלען, אַז עס איז ווי איהר זאָגט, אַז דר. דזשייקעל איז — נו, לאָמיר זאָגען ערמאָרדעט געוואָרען, וואָס האָט דעם מערדער געקענט בעוועגען צו בלייבען דאָ? דאָס לייגט זיך איינפאַך ניט אויף׳ן שכל.“

„נאַ, מר. אַטערסאָן, אייך איז שווער צופרידענצושטעלען, אָבער איך וועל עס דאָך טהאָן,“ האָט פּול געזאָגט. „די גאַנצע פערגאַנגענע וואָך, מוזט איהר וויסען, האָט אָט דער, וואָס געפינט זיך דאָרט אין קאַבינעט, געהאַלטען אין איין פאָדערן טאָג און נאַכט עפּעס אַ מע-דיצין, און ער קען ניט קריגען וואָס ער זוכט. צייטענווייז איז דאָס געווען זיין געוואוינהייט — דעם בעל הבית׳, הייסט עס — אָנצושרייבען זיינע בעשטעלונגען אויף אַ פּאַפּיר און עס אַרויסוואַרפען

אויף די טרעפּ. פֿאָריגע וואָך האָבען מיר קיין אַנדער זאַך ניט גע־האַט, קיין אַנדער זאַך ניט אויסער פּאַפּירלאַך, און אַ פֿערשלאָסענע טהיר, און זאָגאַר דאָס עסען מוז מען איבערלאָזען אויף דער זייט, אום עס זאָל שטילערהייט, ווען קיינער זעהט ניט, אַריינגעשמוגעלט ווערן אינעווייניג. נו, מיין הערר, יעדען טאָג, יאָ, זאָגאַר צוויי און דריי מאָל אין דעם זעלבען טאָג, האָבען מיר געפֿונען בעשטעלונגען און בריוולאַך, אין וועלכע ער האַלט זיך אין איין בעקלאָגען; איך בין אַרומגעלאָפֿען ווי אַ משוגע׳נער צו אַלע גרויסע מעדיצין־הענדלער אין שטאָדט. יעדעס מאָל וואָס איך האָב געבראַכט די בעשטעלונג, האָב איך געקריגען אַן אַנדער פּאַפּיער, וואו איך בין בעאויפֿטראָגט געוואָרען, עס אַוועקצוטראָגען צוריק, ווייל עס איז ניט עכט, און אַן אַנדער בעשטעלונג צו אַן אַנדער פֿירמאַ. דיזע מעדיצין שיינט צו זיין זעהר נייטיג, מיין הערר."

„האָט איהר ביי זיך וועלכע פֿון דיזע פּאַפּירלאַך?" האָט אַטערסאָן געפֿרעגט.

פּול האָט זיך אַ טאַפּ געטהאָן אין קעשענע און אַרויסגענומען אַ צוקנייטשט פּאַפּירעל, וואָס דער אַדוואָקאַט האָט פֿאָרזיכטיג בע־טראַכט ביים שיין פֿון׳ם ליכט. עס האָט ענטהאַלטען פֿאָלגענדע ווערטער: „דר. דזשייקעל שיקט זיין דאַנק צו די הערען מאָ. ער פֿערזיכערט זיי, אַז זייער לעצטער מוסטער איז ניט ריין און אַבסאָלוט נוצלאָז פֿאַר זיין איצטיגען צוועק. אין דעם יאָהר — 18 האָט דר. דזשייקעל געקויפֿט ביי די הערען מ. אַ גרויסע קוואַנטיטעט דערפֿון. ער בעט זיי איצט צו זוכען מיט דער גרעסטער אויפֿמערקזאַמקייט, און אויב זיי האָבען נאָך עפּעס פֿון יענער קוואַליטעט, זאָלען זיי דאָס איהם גלייך צושיקען. די קאָסטען ווערן ניט גענומען אין בעטראַכט. דאָס איז אונגעהייער וויכטיג פֿאַר דר. דזש." אַזוי ווייט איז דער בריעף געווען גאַנץ פֿערנינפֿטיג אָנגעשריבען; אָבער דאָ ברעכט דעם שרייבער׳ס צוקאָבטקייט מיט אַמאָל אויס און ער ענדיגט מיט די ווערטער: „ווי גאָט איז אייך ליעב, געפֿינט מיר אַביסעל פֿון די אַלטע."

„דאָס איז אַ מאָדנער בריעף," האָט אַטערסאָן געזאָגט; און דאַן, מיט אַ שאַרפֿען טאָן: „ווי קומט איהר דערצו איהם צו האָבען אַ געעפֿענטען?"

„דער מאַן אין מאָ'ם געשעפֿט איז געווען שטאַרק אין כעס, און ער האָט דאָס פּאַפּירעל אַ שליידער געטהאָן צוריק צו מיר," האָט פּול געענטפֿערט.

„דאָס איז אָהן צווייפֿעל דעם דאָקטאָר'ס האַנדשריפֿט, דאָס ווייסט איהר דאָך?" האָט דער אַדוואָקאַט ווייטער געפֿרעגט.

„אַזוי זעהט עס אויס," האָט דער דיענער געענטפֿערט ברוגז'־לאַך; און דאַן מיט אַן אַנדער שטימע: „אָבער וואָס מאַכט אויס די האַנדשריפֿט? איך האָב איהם געזעהן!"

„געזעהן איהם?" האָט אַטערסאָן איבערגעפֿרעגט. „נו?"

„יאָ," האָט פּול געזאָגט. „אָט ווי אַזוי עס האָט פּאַסירט. איך בין פּלוצלינג אַריינגעקומען פֿון גאָרטען. ווי עס ווייזט אויס, האָט ער זיך שטילערהייט אַרויסגעכאַפּט און האָט אַוודאי געמוזט זוכען די מעדיצין אָדער עפּעס אַנדערש; וואָרים די טהיר פֿון קאַבינעט איז געווען אָפֿען, און ער איז געשטאַנען אין סאַמע עק פֿון דער לאַבאַראַטאָריע און האָט זיך געראָיעט צווישען די קערב. ווי ער האָט מיך נור דערזעהן, האָט ער געגעבען אַ געשריי און איז גלייך אַרויפֿגעשפּרונגען צו זיך אין קאַבינעט. ס'האָט ניט גענומען קיין מינוט, אָבער די האָר האָבען זיך מיר איינפֿאַך געשטעלט קאַפּויר. מיין הערר, אויב דאָס איז געווען מיין בעל הבית, פֿאַרוואָס האָט ער געטראָגען אַ מאַסקע אויף'ן געזיכט? אויב עס איז געווען מיין בעל הבית, פֿאַרוואָס זשע האָט ער אַ קוויטש געטהאָן ווי אַ מויז און איז אַנטלאָפֿען פֿון מיר? איך האָב לאַנג גענוג געדיענט ביי איהם. און אויסער דעם..." דאָ איז דער דיענער אַנשוויגען געוואָרען און האָט אַריבערגעפֿיהרט די האַנד איבער'ן געזיכט.

„דאָס זיינען זעהר זאָנדערבאַרע אומשטענדען," האָט זיך אַטערסאָן אָבגערופֿען, „אָבער איך דיינק, אַז איך הויב אָן פֿערשטעהן, וואָס דאָ טהוט זיך. אייער בעל הבית, פּול, מוז אַוודאי ליידען פֿון אַ שרעקליכער קראַנקהייט, וואָס מוטשעט און פֿערקריפּעלט דעם ליידענדען; דערפֿון, מיין איך, נעהמט זיך די ענדערונג פֿון זיין שטימע; דערפֿון די מאַסקע און זיין אויסמיידען זיך צו זעהן מיט זיינע פֿריינד; דערפֿון דער שטאַרקער וואונש צו געפֿינען דיזע מעדיצין, דורך וועלכער דער אָרעמער מענש האָט נאָך אַ ברעקעלע האָפֿנונג געזונד צו ווערען — זאָל איהם גאָט העלפֿען, ער זאָל ניט ענטטוישט ווערן

אין זיין האָפֿנונג! דאָס איז מיין ערקלעהרונג; ס'איז טרייעריג גענוג, פּול, יאָ, זעהר טרויעריג; אָבער ס'איז איינפֿאַך און נאַטירליך, ס'האָט אַ גאַנץ גוטען צוזאַמענהאַנג און מיר האָבען נים פֿאַרוואָס מורא צו האָבען."

„מיין הערר," האָט דער דיענער געזאָגט און איז געוואָרען אַלערליי קולירען, „אָט דער דאָרט איז ניט געווען מיין בעל הבית, און דאָס איז די ריינע וואַהרהייט. מיין בעל הבית" — דאָ האָט ער זיך אומגעקוקט אַרום זיך און אָנגעהויבען צו שעפּטשען — „איז אַ שלאַנקער, פֿיין-געבויטער מאַן, און דאָס איז געווען אַ מין קאַרליק." אַטערסאָן האָט געוואָלט עפּעס זאָגען דאַגעגען. „אָה, מיין הערר," האָט פּול אויסגערופֿען, „דיינקט איהר, אַז איך קען ניט מיין בעל הבית נאָך צוואַנציג יאָהר זיין ביי איהם אין הויז? דיינקט איהר, אַז איך וויים ניט, ביז וואַנען זיין קאָפּ דערגרייכט אין טהיר, וואו איך פֿלעג איהם זעהן יעדען פֿריהמאָרגען פֿון מיין לעבען? ניין, מיין הערר, יענע זאַך אין דער מאַסקע איז ניט געווען דר. דזשייקעל — גאָט וויים, וואָס דאָס איז געווען, אָבער עס איז אויף קיין פֿאַל ניט געווען דר. דזשייקעל; און מיין האַרץ זאָגט מיר, אַז דאָ איז בעגאַנגען געוואָרען אַ מאָרד."

„פּול," האָט דער אַדוואָקאַט געענטפֿערט, „אויב איהר זאָגט דאָס, דאַן וועט זיין מיין פֿליכט זיך צו איבערצייגען אין דעם. וויפֿיעל איך זאָל ניט וועלען שוינען אייער בעל הבית' געפֿיהלען, ווי צומישט איך זאָל ניט זיין איבער דעם דאָזיגען צעטעל, וואָס צייגט, דוכט זיך, אַז ער לעבט נאָך, דאָך וועל איך עס בעטראַכטען פֿאַר מיין פֿליכט איינצוברעכען דיזע טהיר."

„אַה, מר. אַטערסאָן, דאָס הייסט גערעדט!" האָט דער דיענער אויסגעשריען.

„און איצט קומט די צווייטע פֿראַגע," האָט אַטערסאָן ווייטער געזאָגט: „ווער וועט עס טהאָן?"

„וואָס הייסט ווער?" האָט פּול מיט מוטה געענטפֿערט, „איהר און איך, מיין הערר."

„דאָס איז זעהר גוט," האָט געזאָגט דער אַדוואָקאַט; „און וואָס דערפֿון זאָל ניט אַרויסקומען, דאָס וועל איך שוין זעהן, אַז איהר זאָלט ניט האָבען צו ליידען דערביי."

„אין דער לאַבאָראַטאָריע געפינט זיך אַ האַק," האָט פול גע־זאָגט; „און פאַר זיך קענט איהר נעהמען אָט דעם פייער־אייזען פון קיך."

דער אַדוואָקאַט האָט גענומען דעם פראָסטען אָבער שווערען אינסטרומענט אין דער האַנד און האָט איהם אַ ווילע אַרומגעשאָ־קעלט. „ווייסט איהר, פול," האָט ער זיך דערנאָך אָבגערופען, אויפ־הויבענדיג די אויגען, „ווייסט איהר, אַז מיר שטעלען זיך מעהר אָדער ווייניגער אין געפאַהר מיט דיזען שריט?"

„איהר מעגט עס נאָך אַמאָל זאָגען, מיין הערר," האָט דער דיענער געענטפערט.

„אויב אַזוי," האָט דער אַדוואָקאַט געזאָגט, „איז בעסער מיר זאָלען זיין אָפענהערציג און אויפריכטיג איינער צום אַנדערן. מיר דיינקעןביידע ביי זיך מעהר וויפיעל מיר האָבען אַרויסגעזאָגט; לאָמיר גאָר ניט בעהאַלטען איינער פאַר'ן צווייטען. דיזע מאַסקירטע געשטאַלט, וואָס איהר האָט געזעהן, — האָט איהר זי דערקענט?"

„מיין הערר," האָט פול געענטפערט, „ס'איז אַזוי שנעל פער־בייגעפלויגען, און די בעשעפעניש איז געוועזען אַזוי פערשטעלט, אַז איך וואָלט קוים געקענט שווערען דערויף. אָבער אויב איהר מיינט מיך צו פרעגען, צי דאָס איז געוועזען מר. הייד? — דאַן קען איך ענטפערן: איך דיינק, אַז דאָס איז עס געוועזען! איהר פערשטעהט, ס'איז געוועזען דיזעלבע גרויס, דער זעלבער לייכטער גאַנג; און אַחוץ דעם, וועלכער אַנדער מענש וואָלט דען געקענט אַריינגעהן דורך דער טהיר פון דער לאַבאָראַטאָריע? איהר האָט דאָך געוויס ניט פערגעסען, מיין הערר, אַז אין דער צייט פון'ם מאָרד האָט ער נאָך געהאַט דעם שליסעל ביי זיך? אָבער דאָס איז ניט אַלעס. איך ווייס ניט, מר. אַטערסאָן, צי האָט איהר וועז בעגעגענט דיזען מר. הייד?"

„יאָ," האָט דער אַדוואָקאַט געענטפערט, „איך האָב אַמאָל גערעדט מיט איהם."

„דאַן מוזט איהר דאָך וויסען, אַזוי ווי מיר אַלע, אַז אין דיזען מאַן איז פאַרהאַן עטוואָס מערקווירדיגעס—עטוואָס אָבשטויסענדעס— איך ווייס ניט אויף ריכטיג ווי דאָס אויסצודריקען, מיין הערר, נור דאָס: אַז איהר האָט געמוזט דערביי פיהלען אַ מין קעלט אין מוח."

„איך בין זיך מודה, אַז איך האָב ווירקליך געפּיהלט עטוואָס עהנליכעס," האָט אַטערסאָן געזאָגט.

„גאַנץ ריכטיג, מיין הערר," האָט פּול געענטפערט. „נו, ווען דיזע מאַסקירטע געשטאַלט האָט אַ שפּרונג געטהאָן ווי אַן אַף און איז אַרויף אין קאַבינעט, איז מיר אַריבער אַ קאַלטער שוידער איי־בער'ן לייב. אָה, איך ווייס, אַז דאָס איז ניט קיין בעווייז, מר. אַטערסאָן; כ'האָב געלעזען גענוג ביכער, דאָס צו וויסען; אָבער אַ מענש האָט זיך זיינע געפּיהלען; און איך גיב אייך מיין הייליג וואָרט, אַז דאָס איז געווען מר. הייד!"

„יאָ, יאָ," האָט דער אַדוואָקאַט געזאָגט, „איך האָב דעם זעלבען פערדאַכט. שלעכטעס, נור שלעכטעס איז געווען צו ערוואַרטען פון אַזאַ מין פריינדשאַפט. יאָ, יאָ, איך גלויב אייך, אַז דער אָרעמער דזשייקעל איז ערמאָרדעט; און איך גלויב, אַז זיין מערדער (גאָט אַליין נור קען וויסען, צו וואָס פאַר אַ צוועק) געפינט זיך נאָך ביי זיין אָפּפער אין צימער. נו, איצט מוזען מיר נעהמען ראַכע. רופט אַריין בראַדשאָ'ן."

דער לאַקיי איז גלייך אַריינגעקומען, זעהר בלאַס און נערוועז.

„פאַסט מוטה, בראַדשאָ," האָט דער אַדוואָקאַט געזאָגט. „דער שרעק ליגט אייך אַלעמען אויף די פּנים'ער; עס איז אָבער איצט אונזער ענטשלאָסענהייט צו מאַכען אַ סוף דערצו. פּול און איך וועלען זיך אַריינרייסען מיט געוואַלד אין קאַבינעט. אויב אַלעס וועט אָבגעהן גוט, האָב איך ברייטע פּלייצעס צו נעהמען אויף זיך די גאַנצע פעראַנטוואָרטליכקייט. אָבער פיליכט איז עפּעס ווירקליך ניט גלאַט, און דער פערברעכער וועט פערזוכען צו אַנטלויפען דורך דער הינטער־טהיר, דערפאַר מוזט איהר און דער אינגעל נעהמען אַ פּאָר גוטע שטעקענס און זיך אַוועקשטעלען ביי דער טהיר פון דער לאַ־באָראַטאָריע. מיר גיבען אייך צעהן מינוט צייט צו זיין אויף אייער פּלאַץ."

אַז בראַדשאָ איז אַוועק, האָט דער אַדוואָקאַט אַ קוק געטהאָן אויף זיין זייגער. „און איצט, פּול, לאָמיר זיך נעהמען צו אונזער אַרבייט," האָט ער געזאָגט; און נעהמענדיג דעם פייער־אייזען אונטערן אָרם, זיינען זיי ביידע אַרויס אין הויף. אַ וואָלקען האָט פערדעקט די לבנה, און עס איז געווען גאַנץ פינסטער. דער ווינד, וועלכער האָט שטאַרק

געבלאָזען אין הויף, האָט שיער ניט אויסגעלאָשען דאָס ליכט, ביז וואַנען זיי זיינען אַריינגעקומען אין דער לאַבאָראַטאָריע, וואו זיי האָבען זיך שטילערהייט אַנידערגעזעצט וואַרטען. אַרום זיי האָט לאָנדאָן גערוישט, אָבער דאָ נאָהענט ביי דער האַנד איז די שטילקייט בלויז אונטערבראָכען געוואָרען פון טריט, וועלכע האָבען זיך בעוועגט אַהין און צוריק אויף'ן דיעל פון קאַבינעט.

„אָט אַזוי געהט עס דאָרט אַרום דעם גאַנצען טאָג," האָט פּול מיט אַ שעפּטשענדען טאָן געזאָגט; „יאָ, און זאָגאַר אַ גרויסען טהייל פון דער נאַכט. נור ווען אַ נייער מוסטער קומט פון אַפּטייק, דאַן הערט עס אויף אַ ווײַלע. אַה, נור דער שלעכטער געוויסען קען אַזוי שטערען די רוהע! אַה, מיין הערר, אין יעדען איינעם פון דיזע טריט איז פאַרהאַן פערברעכעריש פערגאָסענעם בלוט! אָבער הערט זיך צו אַביסעל אויפמערקזאַמער, מר. אַטערסאָן — לייגט אַריין, אַזוי צו זאָגען, אייער האַרץ אין די אויערן, און זאָגט מיר, איז דאָס דעם דאָקטאָר'ס טריט?"

די טריט זיינען געפאַלען לייכט און איינציגוויז, מיט אַ געוויסען שוואונג, כאָטש זיי זיינען געגאַנגען אַזוי לאַנגזאַם: ס'איז געווען גאַנץ פערשיעדען פון די שווערע טריט פון הענרי דזשייקעל. אַטערסאָן האָט אַ זיפץ געטהאָן. „און מעהר הערט מען גאָרנישט?" האָט ער געפרעגט.

פּול האָט אַ שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ. „איינמאָל בלויז האָב איך געהערט ווי עס וויינט," האָט ער געענטפערט.

„וויינט? ווי אַזוי?" האָט דער אַדוואָקאַט געפרעגט, און פלוצלינג האָט ער דערפיהלט, ווי דאָס בלוט ווערט אין איהם פערגלייווערט פאַר שרעק.

„וויינט ווי אַ פרוי אָדער אַ פערלאָרענע נשמה," האָט דער דיענער געענטפערט. „דאָס האָט מיך אַזוי שטאַרק צוגומען, אַז איך האָב אַליין געפיהלט ווי זיך פונאַנדערצוּוויינען."

דערווייל זיינען אַריבער די צעהן מינוטען. פּול האָט אַרויסגענומען אַ האַק פון צווישען אַ הויפען שטרוי; דאַן האָבען זיי אַוועקגעשטעלט דאָס ליכט אויף דעם נאָהענטסטען טיש, כדי בעסער צו זעהן וואָס זיי האָבען צו טהאָן, און מיט איינגעהאַלטענע אָטהעמס זיינען זיי צוגעקומען צו דער טהיר פון דעם פערשלאָסענעם קאַבינעט,

וואו די טריט זיינען נאָך אַלץ לאַנגזאַם געגאַנגען אַרויף און אַראָב, אַרויף און אַראָב, אין דער שטילקייט פון דער נאַכט.

„דזשייקעל," האָט אַטערסאָן אויסגערופען מיט אַ הויכער שטימע, „איך וויל אייך אונבעדינגט זעהן." ער האָט זיך אָבגעשטעלט אַ ווײַלע, אָבער קיינער האָט ניט געענטפערט. „איך וואָרן אייך, אונזער פערדאַכט איז ערוועקט, און איך מוז אייך זעהן, אייב ניט מיט גוטען, איז מיט בייזען—אויב ניט מיט אייער צושטימונג, דאַן איינ-פאַך מיט געוואַלד!"

„אַטערסאָן," האָט די שטימע געענטפערט, „אום גאָטעס ווילען, האָט רחמנות!"

„אַה, דאָס איז ניט דזשייקעל'ס שטימע—ס'איז האַיד'ס!" האָט אַטערסאָן אַ געשריי געטהאָן. „פּול, ברעכט אויף די טהיר!"

פּול האָט אַ הויב געטהאָן די האַק און זי אַראָבגעלאָזט איבער דער טהיר; דער קלאַפּ האָט צוטרייסעלט די גאַנצע געביידע, און די פעסטע טהיר האָט זיך גענומען ריהרען פון אָרט. אַ מורא'דיגער געשריי, ווי פון אַ צוש־אָקענער חיה, האָט זיך אַרויסגעריסען פון קאַבינעט. דערווייל האָט די האַק געטהאָן איהר אַרבייט. ביים פינפטען קלאַפּ איז דער שלאָס צושפּרונגען געוואָרען און די טהיר איז איינגעפאַלען.

די בעלאַגערער, דערשראָקען דורך דער אונאָרדנונג, וואָס זיי האָבען אָנגעמאַכט און דורך דער שטילקייט, וואָס האָט זיי איצט אַרומגערינגעלט, זיינען אַ ווײַלע געבליבען שטעהן און האָבען אַריינ-געקוקט אינעווייניג. אָט איז דער קאַבינעט געלעגען פאַר זייערע אויגען אין דעם רוהיגען שיין פון לאָמפּ; אַ היבשער פייער האָט געגליהט און געפלאַקערט אין קוימען; דער קעסעל האָט זיך געזונגען זיין ליעדעל; אַ פּאָר שופלאָדען זיינען געווען אָפען, די פּאַפּירען אויס־געלייגט אין אָרדנונג אויף'ן טיש, און ביים פייער זיינען געלעגען אַלע קלייניגקייטען, גרייט צום טהעע: דאָס רוהיגסטע און געוועהנ־ליכסטע צימער, וואָלט מען געמעגט זאָגען, ווען ניט די פערשיעדענע כעמישע שטאָפען, וואָס זיינען געלעגען דאָ און דאָרט אין די גלעז־זערנע כלים.

אין מיטען צימער איז געלעגען דער קערפּער פון אַ מענשען, וועלכער האָט זיך נאָך געצאַפּעלט. זיי זיינען צוגעגאַנגען אויף די

שפּיץ פינגער, האָבען איהם אומגעקעהרט אויף'ן רוקען און דערזעהן דאָס געזיכט פון עדוואַרד האַיד.

ער איז געווען אָנגעטהאָן אין קליידער, וועלכע זיינען געווען צו גרויס פאַר איהם, קליידער פון דעם דאָקטאָר'ס גרויס; געוויסע טהיילען פון זיין געזיכט האָבען אויסגעזעהן, אַזוי ווי זיי וואָלטען זיך נאָך בעוועגט, אָבער דאָס האָט זיך נור אַזוי אויסגעדוכט; דער קערפּער איז געווען טויט; און פון דעם צובראָכענעם פלעשעלע אין דער האַנד און פון'ם שטאַרקען גערוך, וואָס האָט אַרומגעשוועבט אין דער לופטען, האָט אַטערסאָן פערשטאַנען, אַז פאַר איהם ליגט דער קערפּער פון אַ זעלבסט-מערדער.

„מיר זיינען געקומען צו שפּעט," האָט ער מיט אַן ערנסטען טאָן געזאָגט, „צו שפּעט צו רעטען אָדער בעשטראָפען. האַיד איז אַליין אַוועק אָבגעבען דין וחשבון, און עס בלייבט אונז נור איבער צו געפינען דעם קערפּער פון'ם ערמאָרדעטען דזשייקעל."

די לאַבאָראַטאָריע האָט פערנומען דעם גרעסערן טהייל פון דער געביידע, כמעט דעם גאַנצען אונטערשטען עטאַזש; דאָרט איז אויך געווען דער קאַבינעט אויף'ן העכערן עטאַזש, אַרויסקוקענדיג אין הויף. פון דער לאַבאָראַטאָריע האָט זיך געצויגען אַ קאָרידאָר ביז אַ טהיר, וועלכע האָט אַרויסגעפיהרט אין אַ הינטער-געסעל; און בעזונדערע טרעפּ האָבען אַרונטערגעפיהרט פון דעם קאַבינעט צו דיזער טהיר. אַחוץ דעם זיינען געווען עטליכע פינסטערע שאַפעס און אַ גרויסער קעלער. דאָ האָבען זיי איצט איבעראַל אַרומגעזוכט. אויף די שאַפעס איז געווען גענוג איין קוק צו טהאָן, אום צו זעהן, אַז זיי זיינען ליידיג; פון'ם שטויב, וואָס איז אַרונטערגעפאַלען פון די טהירען, איז געווען דייטליך, אַז מען האָט זיי שוין לאַנג ניט געעפענט. דער קעלער איז געווען פול מיט פערשיעדענע אַלטע זאַכען, וועלכע האָבען געהערט צו דעם פריהערדיגען דאָקטאָר, וואָס האָט געוואוינט דאָ פאַר דזשייקעל'ן; אָבער ווי זיי האָבען געעפענט די טהיר פון דיזען קעלער, האָבען זיי גלייך געזעהן, אַז עס איז נוצ-לאָז דאָ צו זוכען; וואָרים די טהיר איז געווען בעדעקט מיט שפּינ-וועבס, וואָס האָט שוין אַודאי געמוזט אַלט זיין פיעל יאָהרען. אין ערגעץ איז נים געווען צו געפינען קיין שפּור פון הענרי דזשייקעל, לעבעדיג אָדער טויט.

פול האָט אַ קלאַפּ געטהאָן מיט'ן פוס אויף'ן דיעל פון קאָרידאָר.

„ער מוז דאָ ליגען בעגראָבען," האָט ער געזאָגט, זיך צוהערענדיג צו דעם קלאַנג.

„פיליכט איז ער גאָר אַנטלאָפען?" האָט געזאָגט אַטערסאָן און האָט אָנגעהויבען בעטראַכטען די טהיר, וועלכע האָט געפיהרט צום הינטער-געסעל. זי איז געווען פערשלאָסען; און נאָהענט דערביי אויף דער ערד האָבען זיי געפונען דעם שליסעל, וועלכער איז שוין געווען פערזשאַווערט.

„דאָס זעהט ניט אויס, ווי מען זאָל עס קענען געברויכען," האָט דער אַדוואָקאַט בעמערקט.

„געברויכען!" האָט פול איבערגעזאָגט. „איהר זעהט דען ניט, אַז דער שליסעל איז צובראָכען? אַזוי ווי אימיצער וואָלט אַרויפגע־טראָטען דערויף."

„אַה," האָט אַטערסאָן ווייטער געזאָגט, „און דער בראָך איז אויך פערזשאַווערט." ביידע מענער האָבען זיך אַ ווײַלע אָנגעקוקט מיט צובראָכענע בליקען. „מיין מוח קען עס ניט פערנעהמען, פול," האָט זיך דער אַדוואָקאַט אָבגערופען. „לאָמיר אַריינגעהן צוריק אין קאַבינעט."

שטיל זיינען זיי אַרויף אויף די טרעפ, און נאָך אימער קוקענ־דיג מיט מורא'דיגע בליקען אויף'ן טויטען קערפער, האָבען זיי אָנ־געהויבען גרינדליך אויספאָרשען, וואָס עס געפינט זיך אין קאַבינעט. ביי איין טיש זיינען געווען שפורען פון כעמישער אַרבייט, פערשיע־דענע אָבגעמאָסטענע הויפענס פון עפּעס אַ מין ווייסען זאַלץ זיינען געלעגען אין גלעזערנע טאַסען, אַזוי ווי צו מאַכען אַן עקספּערימענט, אין וועלכען דער אונגליקליכער מענש איז פּלוצלינג געשטערט געוואָרען.

„דאָס איז דערזעלבער שטאָף, וואָס איך פלעג איהם אַלע מאָל בריינגען," האָט זיך פול אָבגערופען; און בשעת ער האָט עס גע־זאָגט, איז דער קעסעל מיט אַ גערויש איבערגעלאָפען.

דאַן זיינען זיי צוגעגאַנגען צום קאַמין. אַנטקעגען איז געשטאַנען דער פאָטעל און די פערשיעדענע נייטיגע זאַכען צום טהעע, זאָגאַר די צוקער אין שאָל. עטליכע ביכער זיינען געלעגען אויף דער פּאָליצע; איין בוך איז געלעגען אָפען אויף'ן טיש, לעבען די טהעע־זאַכען, און אַטערסאָן איז ערשטוינט געוואָרען צו זעהן, אַז דאָס איז

געוועזען אַ פֿרומעס ווערק, וועגען וועלכען דזשייקעל האָט זיך עטליכע מאָל אויסגעדריקט מיט גרויס רעספּעקט; אָבער זיך צוקוקענדיג האָט ער ביי די זייטען פֿון'ם בוך געפֿונען איינוגע לעסטערענדע בעמער־קונגען מיט דזשייקעל'ס האַנדשריפֿט.

זוכענדיג ווייטער זיינען זיי געקומען איבער אַ גרויסען שפּיגעל וואו זיי האָבען ניט ווילענדיג אַ קוק געטהאָן. אָבער ער איז געווען אַזוי אויסגעדרעהט, אַז זיי האָבען בלויז געקענט זעהן דעם ראָזעווען שיין פֿון לאָמפּ אויף דער סטעליע, דעם פֿלאַקערענדען פֿייער און זייערע אייגענע בלאַסע און צושראָקענע פּנים'ער.

„אָט דער שפּיגעל האָט געמוזט זעהן מאָדנע זאַכען, מיין הערר," האָט פּול געשעפּטשעט.

„זיכער ניט קיין מאָדנערע זאַכען ווי זיך אַליין," האָט דער אַדוואָקאַט מיט דעם זעלבען טאָן געענטפֿערט. „וואָרים צו וואָס האָט עס דזשייקעל" — ער האָט זיך צוריקגעכאַפּט ביי דיזען וואָרט, און דאַן, בעקעמפּפֿענדיג זיין שוואַכקייט, האָט ער געזאָגט: „צו וואָס האָט עס דזשייקעל דען געדאַרפֿט?"

„איהר קענט עס נאָך אַמאָל זאָגען!" האָט פּול געזאָגט.

דאַן האָבען זיי זיך אומגעקעהרט צוריק צום געשעפֿטס־טיש. אויף'ן שרייב־טיש, צווישען די פּאַפּיערען, האָבען זיי דערזעהן אַ גרויסען קאָנווערט, אַדרעסירט מיט'ן דאָקטאָר'ס האַנדשריפֿט צו מר. אַטערסאָן.

דער אַדוואָקאַט האָט אויפֿגעריסען דעם קאָנווערט, און עטליכע פּאַפּירען זיינען אַרויסגעפֿאַלען אויף דער ערד. דער ערשטער איז געווען אַ צוואה, צוזאַמענגעשטעלט אין דיזעלבע עקסצענטרישע אויס־דריקע, ווי די, וועלכע ער האָט פֿאַר זעקס מאָנאַטען צוריק אָבגע־שיקט דעם דאָקטאָר; וועלכע האָט געדיענט אַלס צוואה אין פֿאַל פֿון טויט און אַלס אַ געשאַנק־דאָקומענט אין פֿאַל פֿון פערשווינדונג; אָבער אָנשטאָט דעם נאָמען עדוואַרד הייד, האָט דער אַדוואָקאַט מיט אונבעשרייבליכער ערשטוינונג דערזעהן דעם נאָמען גאַבריעל דזשאָהן אַטערסאָן. ער האָט אַ קוק געטהאָן אויף פּול'ן, דערנאָך צוריק אויף די פּאַפּירען און ענדליך אויף דעם פֿערברעכער, וועלכער איז געלעגען אויסגעצויגען אויף'ן טעפּיך.

„מיין מוח קען דאָס אויף קיין פֿאַל ניט בעגרייפֿען," האָט ער

געזאָגט, „דיזער מאַן איז דאָ געווען די גאַנצע צייט; ער האָט ניט געהאַט קיין אורזאַכע מיך צו ליעבען; ער האָט געמוזט ברענען פאַר צאָרן, יעהענדיג, ווי ער איז ענטערבט געוואָרען; און דאָך האָט ער ניט פערניכטעט דיזען דאָקומענט!"

ער האָט אַ כאַפּ געטהאָן דעם אַנדערן פּאַפּיר; ס'איז געווען אַ קורץ בריוועל, געשריבען מיט דעם דאָקטאָר'ס האַנדשריפט, און מיט אַ דאַטום פון אויבען. „אָה, פּול," האָט אויסגעשריען דער אַד-וואָקאַט, „ער האָט געלעבט און איז געווען דאָ היינטיגען טאָג. אין אַזאַ קורצער צייט האָט ער איהם ניט געקענט אַוועק'פּטר'ן; ער מוז נאָך אַודאי לעבען, ער האָט אַודאי געמוזט אַנטלויפען! און צוריק גערעדט, פאַרוואָס עפּעס אַנטלויפען? און ווי אַזוי? און אויב יאָ, קענען מיר וואַגען דאָס אָנצורופען זעלבסט-מאָרד? אָה, מיר מוזען זיין פאָרזיכטיג. איך זעה פאָראויס, אַז מיר קענען נאָך אַריינשלעפּען אייער בעל הבית אין אַ שרעקליך אונגליק."

„פאַרוואָס לעזט איהר עס ניט, מיין הערר?" האָט פּול געפרעגט.

„ווייל איך האָב מורא," האָט דער אַדוואָקאַט געענטפערט. „זאָל גאָט געבען, איך זאָל ניט האָבען קיין אורזאַכע דערצו!" און דאָס זאָגענדיג האָט ער צוגעטראָגען דאָס פּאַפּיר צו זיינע אויגען און געלעזען פאָלגענדעס:

„מיין ליעבער אַטערסאָן, — ווען דיזע צייילען וועלען אַריינ-פאַלען אין אייערע הענד, וועל איך שוין זיין פערשוואונדען, אונ-טער וועלכע אומשטענדען, קען איך דערוויייל אַליין ניט פאָראויס-זעהן; אָבער מיינע אינסטינקטען און מיין גאַנצע שרעקליכע לאַגע זאָגען מיר, אַז דער סוף איז נאָהענט און מוז באַלד קומען. געהט אַלזאָ, און צוערשט לעזט דורך די ערצעהלונג, וואָס לעניאָן האָט אייך איבערגעגעבען, ווי ער האָט מיר געוואָרענט צו טהאָן; און אויב איהר ווילט וויסען מעהר, לעזט די וידוי פון

אייער אונווירדיגען און אונגליקליכען פריינד,

„הענרי דזשייקעל."

„איז דאָ געלעגען אַ דריטע שריפט?" האָט אַטערסאָן געפרעגט.

„אָט איז דאָס, מיין הערר," האָט פּול געענטפערט און איהם דערלאַנגט אַ גרויסען פּאַקעט, פאַר'חתמ'עט אין עטליכע פּלעצער. דער אַדוואָקאַט האָט עס אַריינגעלייגט אין קעשענע. „איך מיין,

מען דאַרף דערוויילע גאָר ניט זאָגען וועגען דיזען פּאַפּיר. אויב אייער בעל הבית איז אַנטלאָפען, אָדער ער איז טויט, וועלען מיר ווייניג־סטענס רעטען זיין נאָמען. איצט איז צעהן אַזייגער; איך מוז געהן אַהיים און רוהיג דורכלעזען דיזען דאָקומענט; אָבער איך וועל זיין דאָ צוריק פאַר צוועלף, און דאַן וועלען מיר שיקען נאָך דער פּאָליציי."

זיי זיינען אַרויסגעגאַנגען, פערשליסענדיג הינטער זיך די טהיר פון דער לאַבאָראַטאָריע; און איבערלאָזענדיג די דיענער, פערזאַמעלט אַרום פייער אין פאָרהויז, איז אַטערסאָן לאַנגזאַם אַוועק צו זיך אַהיים, כדי דורכצולעזען די צוויי דאָקומענטען, אין וועלכע דיזעס געהיימניס האָט זיך איצט געמוזט אויפקלעהרען.

# דר. לעניאָן'ס ערצעהלונג.

מיט פיער טעג צוריק האָב איך דורך דער אָבענד־פּאָסט ער־האַלטען אַ רעקאָמאַנדירטען קאָנווערט מיט דער האַנדשריפט פון מיין קאָלעגע און אַלטען שול־חבר הענרי דזשייקעל. ס'האָט מיך שטאַרק געוואונדערט; ווייל מיר פלעגען זיך געוועהנליך ניט שרייבען קיין בריעף; איך האָב זיך מיט איהם געזעהן און דעם אָבענד פאַר דעם געגעסען נאַכטמאָהל צוזאַמען מיט איהם; און איך האָב זיך אויף קיין פאַל ניט געקענט פאָרשטעלען, צוליעב וואָס ער זאָל מיר דאַרפען שיקען אַ בריעף, און דערצו נאָך אַ רעקאָמאַנדירטען. דער אינהאַלט האָט נאָך פערגרעסערט מיין ערשטוינונג; וואָרים אָט וואָס עס איז געשטאַנען אין בריעף:

10-טען דעצעמבער, —18.

„ליעבער לעניאָן.— איהר זייט איינער פון מיינע עלטסטע פריינד; און הגם מיר האָבען אָפטמאָל געהאַט מיינונגס־פערשי־דענהייטען איבער וויסענשאַפטליכע פראַגען, קען איך זיך פונ־דעסטוועגען ניט דערמאָנען, יעדענפאַלס פון מיין זייט, אירגענד וועלכע אונטערברעכונג אין אונזער פריינדשאַפט. עס איז קיינמאָל ניט געוועזען אַזאַ טאָג, ווען איהר זאָגט מיר אַ שטייגער: „דזשייקעל, מיין לעבען, מיין עהרע, מיין פערנונפט הייגגען אָב פון אייך,"— אַז איך זאָל ניט האָבען געווען גרייט צו אָפּפערן מיין פערמעגען אָדער מיין לינקע האַנד אייך צו העלפען. לעניאָן, מיין לעבען, מיין עהרע, מיין פערנונפט — דאָס אַלעס איז ביי אייך אין די הענד; אויב איהר וועט מיר ניט העלפען היינט ביינאַכט, בין איך אַ פערלאָרענער. נאָך דיזער פאָררעדע, קענט איהר זיך פיליייכט

פאַרשטעלען, אַז איך וועל אייך דאָ בעטען צו טהאָן פאַר מיר עטוואָס שענדליכעס. אורטהיילט איהר אַליין.

„איך וויל, איהר זאָלט היינט ביינאַכט אָוועקלייגען אַלע אַנ־דערע געשעפטען — יאָ, ווען מען זאָל אייך אפילו רופען צום קראַנקען־בעט פון אַ קייזער; איהר זאָלט נעהמען אַ וואָגען, סיידען אייער אייגענע קאַרעטע שטעהט גרייט ביי אייער טהיר; און מיט דיזען בריעף אין דער האַנד זאָלט איהר צופאָהרען גלייך צו מיין הויז. מיין דיענער פול האָט געקריגען פון מיר אַ בעפעהל און ער ווייסט וואָס צו טהאָן; איהר וועט איהם געפינען צוזאַמען מיט אַ שלאָסער, וואַרטענדיג אויף אייך. דאַן זאָלט איהר אויפברעכען די טהיר פון מיין קאַבינעט און איהר אַליין זאָלט אַריינגעהן אינעווייניג; דאָרט וועט איהר עפענען דעם גלאַזירטען שראַנק (מים'ן בוכשטאַב E) צו דער לינקער האַנד; אויב ער איז פערשלאָסען, ברעכט אויף דעם שלאָס און נעהמט אַרויס דעם פערטען שופלאָד פון אויבען אָדער (וואָס איז נאַטירליך דיזעלבע זאַך) דעם דריטען פון אונטען, ווי ער שטעהט און געהט, מיט אַלעם וואָס אינעווייניג געפינט זיך. אין מיין שרעקליכער צורודערטקייט, האָב איך זעהר מורא, פיליכט גיב איך אייך ניט די ריכטיגע אָנווייזונגען; אָבער זאָגאַר אויב איך האָב אַ טעות, וועט איהר דערקענען דעם ריכטיגען שופלאָד דורך דעם וואָס עס געפינט זיך אין איהם: עטליכע פראָשקעס, אַ פלעשעלע און אַ פאַפיר־ביכעל. דיזען שופלאָד, ווי ער איז אין גאַנצען מיט אַלע שטאָפען, בעט איך אייך אַוועקצוטראָגען צוריק אין אייער וואוינונג אין קעווענדיש סקוועער.

„דאָס איז דער ערשטער טהייל פון מיין בקשה; איצט צום צווייטען. אויב איהר וועט אַרויספאָהרען גלייך ווי איהר וועט ערהאַלטען דיזען בריעף, דאַרפט איהר זיין צוריק אַ היבשע ווייל פאַר האַלבע נאַכט; אָבער איך וויל אייך איבערלאָזען דיזע פרייע צווישען־צייט, ניט נור דערפאַר וואָס איך האָב מורא פאַר איינעם פון יענע הינדערניסען, וואָס מען קען ניט אויסמיידען און ניט פאָראויסזעהן, נאָר אויך דערפאַר ווייל איך וואָלט וועלען, אַז דאָס וואָס בלייבט נאָך צו טהאָן, זאָל געטהאָן ווערן אין אַ שטונדע, ווען אייערע דיענער וועלען שוין שלאָפען. אום האַלבע נאַכט אַלזאָ בעט איך אייך צו זיין איינער אַליין ביי אייך אין קאָנסולטאַציאָנס-

ציטער און אַריינלאָזען מיט אייער איינענער האַנד אַ מאַן, וואָס וועט קומען אין מיין נאָמען, און איהם איבערגעבען דעם שופלאָד, וואָס איהר וועט האָבען געבראַכט פון מיין קאַבינעט. דאַן וועט איהר האָבען אָבגעטהאָן אייער אַרבייט און וועט פערדינען מיין פולע דאַנקבאַרקייט. פינף מינוטען שפעטער, אויב איהר וועט ניט אַנדערש נור וועלען אַן ערקלעהרונג, וועט איהר פערשטעהן, אַז דאָס אַלעס איז אונגעהייער וויכטיג; און אַז אירגענד וועלכע נאַכלעסיגקייט אין ערפילען מיין ביטע, ווי פאַנטאַסטיש זי זאָל ניט אויסקוקען, קען פיהרען צו מיין טויט אָדער אַוועקרייבען מיין פערשטאַנד.

„באָטש איך בין זיכער, אַז איהר וועט ניט צוריקווייזען מיין ביטע, קלאַפט מיין האַרץ און מיינע הענד ציטערן ביי דעם בלויזען געדאַנק, פיליכט וועט איהר עס דאָך טהאָן. דיינקט ווענען מיר אין דיזער שטונדע, זיך געפינענדיג אין אַ פרעמדען פלאַץ און זיך מוטשענדיג אונטער אַזעלכע פינסטערע קוואַלען, וואָס קיין פאַנ־טאַזיע קען ניט איבערטרייבען. און דאָך וויים איך גאַנץ גוט, אַז אויב איהר וועט נור פינקטליך טהאָן דאָס, וואָס איך בעט אייך, וועלען מיינע יסורים פערשווינדען. קומט מיר צו הילף, מיין טייערער לעניאָן, און ראַטעוועט.

אייער פריינד,

ה. דזש.

„P.S. — איך האָב שוין געהאַט פער׳חתמ׳עט דיזען בריעף, מיט אַמאָל איז אַ נייער שרעק בעפאַלען מיין זעעלע. ס׳איז דאָך מעגליך, אַז די פאָסט זאָל זיך פערשפעטיגען און דיזער בריעף וועט ניט קומען צו אייך אין די הענד ביז מאָרגען אין דערפריה. אין דעם פאַל, ליעבער לעניאָן, פיהרט דורך מיין שליחות ווען עס וועט זיין בעקוועמער פאַר אייך אין פערלויף פון טאָג; און ערוואַרט נאָך אַמאָל דעם מאַן אום האַלבע נאַכט. ס׳איז מעגליך, אַז עס וועט שוין דאַן זיין צו שפעט; און אויב יענע נאַכט וועט פערבייגעהן און קיין זאַך וועט ניט פאַסירען, דאַן זאָלט איהר וויסען, אַז איהר וועט שוין מעהר ניט זעהן הענרי דזשייקעל.״

אַז איך האָב דורכגעלעזען דיזען בריעף, בין איך געווען איבער־צייגט, אַז מיין קאָלעגע איז אַראָב פון זינען; אָבער ביז וואַנען דאָס

וועט בעוויזען ווערן אָהן אַ שום צווייפעל, האָב איך זיך געטראַכט, איז מיין פליכט צו טהאָן וואָס ער בעט מיך. וואָס וויינינגער איך האָב פערשטאַנען פון דיזען מיש־מאַש, אַלץ וויינינגער האָב איך געקענט אורטהיילען וועגען דער וויכטיגקייט פון דער זאַך. דאָך האָב איך ניט געקענט נעהמען אויף זיך די פעראַנטוואָרטליכקייט צו ענטזאַגען אַזאַ ריהרענדע ביטע. איך האָב זיך אַלזאָ אויפגעהויבען פון טיש, גענומען אַ וואָגען און בין גלייך צוגעפאָהרען צו דזשייקעל'ס הויז. דער דיענער האָט שוין געוואַרט אויף מיר. ער האָט מיט דערזעלבער פּאָסט ווי איך בעקומען אַ רעקאָמאַנדירטען בריעף, וואו עס איז איהם אָנגעוויזען געוואָרען וואָס צו טהאָן, און ער האָט גלייך געשיקט נאָך אַ שלאָסער און אַ סטאָליער. דיזע צוויי זיינען גראָד אָנגעקומען, בשעת מיר זיינען נאָך געשטאַנען און גערעדט; און מיר זיינען אַלע אַוועק צו דעם אַלטען דר. דענמאַן'ס כירורגישען טהעאַטער, פון וואַנען (ווי איהר ווייסט געוויס) עס איז אַם בעקוועמסטען אַריינצוקומען אין דזשייקעל'ס פּריוואַטען קאַבינעט. די טהיר איז געווען זעהר אַ שטאַרקע, דער שלאָס אַן אויסגעצייכענטער; דער סטאָליער האָט געזאָגט, אַז עס וועט קאָסטען גענוג מיה און ער וועט פערורזאַכען פיעל שאָדען, אויב ער זאָל דאַרפען אויפברעכען די טהיר מיט געוואַלד; דער שלאָסער איז איינפאַך געווען פערצווייפעלט. אָבער דיזער שלאָסער איז אַ פעהיגער יונג, און נאָך צוויי שטונדען אַרבייט איז די טהיר געשטאַנען אָפען. דער שראַנק מיט'ן בוכשטאַב E איז ניט געווען פערשלאָסען, און איך האָב אַרויסגענומען דעם שופלאָד, איהם אָנגעפילט מיט שטרוי און איינגעבונדען אין אַ ליילאַך, און דאַן האָב איך זיך דערמיט אומגעקעהרט צו מיר אַהיים אין קעווענדיש סקווער.

דאָ האָב איך גענומען דורכקוקען וואָס אין שופלאָד געפינט זיך. די פערשיעדענע פּראָשקעס זיינען געווען גאַנץ נעט געמאַכט, אָבער דאָך ניט אַזוי פיין ווי פון אַן אַפּטייקער; אַזוי אַז מען האָט געקענט לייכט זעהן, אַז דאָס איז דזשייקעל'ס אייגענע אַרבייט; און ווען איך האָב געעפענט איינע פון זיי, האָב איך געפונען אַ שטאָף, וואָס האָט מיר אויסגעוויזען צו זיין איינפאַכע קריסטאַליזירטע ווייסע זאַלץ. דאָס פלעשעלע איז געווען אַן ערך האַלב פול מיט אַ בלוט־רויטע פליסיגקייט, וועלכע האָט אָבגעגעבען פון זיך אַ שאַרפען גערוך, און ווי

מיר האָט זיך געדוכט, האָט עס ענטהאַלטען פֿאָספֿאָר און אַ מין עטהער און נאָך אַנדערע שטאָפֿען, וועלכע איך האָב ניט געקענט הערגעהן. אין ביכעל זיינען בלויז געווען פֿערצייכענט פֿערשיעדענע דאַטען, וועלכע האָבען אַרומגענומען שעהנע עטליכע יאָהר; נאָר איך האָב בעמערקט, אַז דער לעצטער דאַטום איז געווען מיט אַן ערך אַ יאָהר צוריק, און דאַן האָבען זיי מיט אַמאָל אויפֿגעהערט. דאָ און דאָרט איז געשטאַנען אַ קורצע בעמערקונג לעבען אַ פֿער־צייכענטען דאַטום, מייסטענטיילס ניט מעהר ווי איין וואָרט: צום ביישפּיעל דאָס וואָרט „דאָפּעלט" האָט מען געקענט טרעפֿען אַ מאָל זעקס; און איינמאָל, גלייך אין אָנפֿאַנג פֿון דער ליסטע איז געשטאַ־נען: „אין גאַנצען ניט געלונגען!!!" דאָס אַלעס, הגם עס האָט שטאַרק פֿערשאַפֿט מיין נייגעריגקייט, האָט מיר אָבער נאָך אַלץ געגעבען זעהר ווייניג בעשטימטעס. אָט איז אַ פֿלעשעלע מיט עפּעס אַ מין וואַסער, אַ פּאַפּיר מיט זאַלץ און אַ רייהע עקספּערימענטען, וועלכע האָבען (אַזוי ווי כמעט אַלע דזשייקעל'ס עקספּערימענטען) ניט געפֿיהרט צו קיין פּראַקטישע ניצליכקייט. ווי אַזוי קען די אָנ־וועזענהייט פֿון דיזע זאַכען ביי מיר אין הויז בעריהרען די עהרע, די פֿערנונפֿט אָדער דאָס לעבען פֿון מיין פֿאַנטאַסטישען קאָלעגע? אויב זיין שליח קען קומען אין איין פּלאַץ, וואַרום ניט אין אַן אַנדערן? און ווען איך זאָל אפילו צוגעבען, אַז עס איז דאָ אַ גע'ויסע שטערונג, אָבער פֿאַרוואָס מוז איך דאָס דיזען מאַן אויפֿנעהמען אין געהיים? וואָס מעהר איך האָב געטראַכט, אַלץ מעהר בין איך איבערצייגט געוואָרען, אַז איך האָב דאָ צו טהאָן מיט אַ פֿאַל פֿון גייסטיגער קראַנקהייט; און הגם איך האָב אַוועקגעשיקט מיינע דיענער שלאָפֿען, האָב איך דאָך אָנגעלאָדען אַן אַלטען רעוואָלווער, כדי איך זאָל אין פֿאַל פֿון אונגליק זיך קענען פֿערטהיידיגען.

פונקט צוועלף אַזייגער האָב איך דערהערט אַ שוואַכען קלאַפּ אין טהיר. איך בין אַליין געגאַנגען עפֿענען און איך האָב געפֿונען אַ קליין־געוויקסיגען מאַן, וועלכער איז געשטאַנען צוזאַמענגעקאָרטשעט ביי דער טהיר.

„קומט איהר פֿון דר. דזשייקעל?" האָב איך געפֿרעגט.

ער האָט געענטפֿערט „יאָ", אַזוי ווי ניט ווילענדיג, און האָט אַלץ געקוקט הינטער זיך. ניט ווייט פֿון מיין טהיר האָט זיך בעוויזען

אַ פּאָליציי־מאַן מיט זיין לאַמטערנע, און מיר האָט זיך אָבגעדוכט, אַז אַזוי ווי דער מאַן האָט איהם נור דערזעהן, האָט ער זיך צוגעאיילט און איז געשווינד אַריין אין הויז.

איך בין זיך מודה, אַז דאָס האָט אויף מיר געמאַכט ניט קיין אַנגענעהמען איינדרוק; און בעגלייטענדיג איהם צו מיר אין בעראַטהונגס־צימער, האָב איך געהאַלטען די האַנד גרייט אויף'ן רעוואָלווער. דאָ האָב איך ענדליך געהאַט אַ געלעגענהייט איהם ריכטיג אָנצוקוקען. איך האָב איהם קיינמאָל פאַר דעם ניט געזעהן, דאָס איז געוועזן זיכער. ער איז געוועזן קליין, ווי איך האָב שוין געזאָגט; אויסערדעם האָט זיך מיר געוואָרפען אין די אויגען דער שרעקליכער אויסדרוק פון זיין געזיכט, די מערקווירדיגע גרויסע מוסקעל־טהעטיגקייט אין געגענזאַץ צו זיין אויגענשיינליך זעהר שוואַכען קערפער און — הויפּטזעכליך — די מאָדנע, סוביעקטיווע שטערונג, וואָס איז פערורזאַכט געוואָרען דורך זיין אומגעבונג. פריהער האָב איך דאָס אָנגענומען פאַר אַן אינדיווידועלען טעמפּעראַמענט, אַ פּערזענליכען עקעל, און איך האָב זיך איינפאַך געוואונדערט אויף דער אַקוראַטקייט פון די סימפּטאָמען; אָבער זינט דאַן בין איך געקומען צום שלוס, אַז די אורזאַכע איז פיעל טיעפער און האָט צו טהאָן מיט אַן איידעלערן געפיהל ווי דער פּרינציפּ פון האַס.

דיזע פּערזאָן, (וועלכע האָט אַלזאָ פון דעם ערשטען מאָמענט פון זיין קומען געמאַכט אויף מיר אַ ווירקונג, וואָס איך קען נור בעשרייבען אַלס אַן עקעלהאַפטע נייגעריגקייט) איז געוועזן אַזוי אָנגעטהאָן, אַז עס וואָלט געמאַכט אַ געוועהנליכען מענשען לעכערליך; זיינע קליידער, ניט קוקענדיג דערויף וואָס זיי זיינען געוועזן ריין און עלעגאַנט, זיינען זיי אָבער געוועזן אויף איהם אונגעהייער גרויס. די הויזען זיינען געהאַנגען אויף זיינע פיס און האָבען געמוזט אַרויפגעקאַטשעט ווערן, כדי זיי זאָלען זיך ניט נאָכשלעפּען אויף דער ערד. די טאַליע פון ראָק איז אַרונטערגעהאַנגען איבער די היפטען און דער קאָלנער איז געלעגען אויסגעלייגט איבער די שולטערן.

אָבער מערקווירדיג, ווי לעכערליך דיזער קאָסטיום איז געוועזן, האָט ער ניט אַרויסגערופען אין מיר קיין געלעכטער. ער האָט זיך אַזוי ווי צוגעפּאַסט צו דיזער אונגעוועהנליכער, אוננאַטירליכער בעשעפעניש; אַזוי אַז מיין אינטערעס צו דיזען מענשען'ס כאַראַקטער

איז נאָך פֿערגרעסערט געוואָרען דורך דער נייגעריגקייט צו וויסען זיין אָבשטאַמונג, זיין לעבען, זיין שיקזאַל און זיין לאַגע אין דער וועלט.

דיזע בעמערקונגען, הגם ס'האָט פֿערנומען אַזוי פֿיעל פּלאַץ זיי צו בעשרייבען, האָבען אָבער מעהר ניט געדויערט ווי עטליכע סעקונדען. מיין גאַסט האָט געברענט פֿאַר אויפֿרעגונג און אונגעדולד.

„האָט איהר עס געבראַכט?" האָט ער אויסגעשריען. „האָט איהר עס דאָ?" און אַזוי שטאַרק איז געווען זיין אונגעדולד, אַז ער האָט אַרויפֿגעלייגט זיין האַנד אויף מיין אָרם און האָט מיך געוואָלט אַ טרייסעל טהאָן.

איך האָב איהם לאַנגזאַם אָבגעשטופּט; בשעת ער האָט זיך אָנגעריהרט אָן מיר, האָב איך געפֿיהלט ווי אַן אייז־קאַלטער שוידער געהט מיר אַריבער איבער'ן בלוט. „ביטע, מיין הערר," האָב איך געזאָגט. „איהר פֿערגעסט, אַז איך האָב נאָך ניט געהאַט דאָס פֿערגנינגען צו מאַכען אייער בעקאַנטשאַפֿט. זייט אַזוי גוט, זעצט זיך." און איך האָב איהם געוויזען אַ ביישפּיעל און האָב זיך אַליין אַניידערגעזעצט אויף מיין געוועהנליכען פּלאַץ און זיך געפּרואווט האַלטען פֿאַר איהם ווי פֿאַר אַ פּאַציענט, אויף אַזוי ווייט ווי די שפּעטיגע שטונדע אין דער נאַכט, די נאַטור פֿון מיינע געדאַנקען און דער שרעק, וואָס איך האָב געהאַט פֿאַר איהם, האָבען עס נור ערלויבט.

„כ'בעט אייך ענטשולדיגונג, דר. לעניאָן," האָט ער גאַנץ העפֿליך געענטפֿערט. „איהר זייט גערעכט. צוליעב מיין אונגעדולד האָב איך פֿערגעסען אָן דער העפֿליכקייט. איך קום פֿון אייער קאָלעגע דר. הענרי דזשייקעל, וועגען אַ וויכטיגע אָנגעלעגענהייט; און אויף ווי ווייט איך ווייס..." ער איז אַנשוויגען געוואָרען אַ ווײַלע און האָט צוגעלייגט זיין האַנד צום האַלז, און ניט קוקענדיג אויף זיין רוהיגער האַלטונג, האָב איך געקענט זעהן, אַז ער ראַנגעלט זיך מיט זיך אַליין ניט אויסצוברעכען אין אַ היסטעריקע — „אַזוי ווייט ווי איך ווייס, מוז דאָ זיין אַ שופֿלאָד..."

נאָר דאָ האָב איך רחמנות געקראָגען אויף מיין גאַסט און אַביסעל אויך אויף מיין שטייגענדער נייגעריגקייט.

„אָט איז עס, מיין הערר," האָב איך געזאָגט, צייגענדיג אויף דעם פּלאַץ, וואו דער שופֿלאָד איז געלעגען, נאָך איינגעוויקעלט אין ליילאַך.

ער איז צוגעשפּרונגען דערצו, און דאַן האָט ער זיך אַ ווײַלע אָבגעשטעלט און אַרױפֿגעלײגט זײַן האַנד אויף'ן האַרצען; איך האָב געקענט הערען, ווי זײַנע צײיהנער האָבען געקלאַפּט פֿון קאָנוואולסיע; און זײַן געזיכט איז געוואָרען אַזוי שרעקליך, אַז איך האָב ווירקליך מורא געקראָגען אי פֿאַר זײַן לעבען אי פֿאַר זײַן פֿערשטאַנד.

„בערוהיגט זיך," האָב איך זיך אָבגערופֿען.

ער האָט אַ קוק געטהאָן אויף מיר מיט אַ מורא'דיגען שמײכעל, און אַזוי ווי מיט דער ענטשלאָסענקײט פֿון פֿערצווײפֿלונג האָט ער אַרונטערגעריסען דעם לײלאַך. דערזעהענדיג וואָס אין שופֿלאָד געפֿינט זיך, האָט ער אַרױסגעלאָזט אַ זיפֿץ, וועלכער האָט מיך אַזוי ווי פֿערשטײנערט. און אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער שוין מיט אַ ריהרענדער אײנגעהאַלטענער שטימע געזאָגט:

„האָט איהר אַ גראַדואירטעם גלאָז?"

מיט גרויס מיה האָב איך זיך קוים אויפֿגעהויבען פֿון אָרט, און איהם געגעבען וואָס ער האָט פֿערלאַנגט.

ער האָט מיר געדאַנקט, אַ שאָקעל טהאָנדיג דעם קאָפּ מיט אַ שמײכעל. דאַן האָט ער אָבגעמאָסטען עטליכע טראָפּענס פֿון דעם פֿליסיגען רויטען שטאָף און צוגעגעבען אײנע פֿון די פּראָשקעס. דאָס געמיש, וואָס האָט פֿון אָנפֿאַנג אויסגעזעהן רויטליך, איז געוואָרען אַלץ העלער און העלער, וואָס מעהר די קריסטאַלען זײַנען צוגאַנגען. מען האָט געקענט הערען ווי עס זידט און אַ קלײנע פּאַרע האָט זיך אויפֿגעהויבען. פּלוצלינג האָט עס אויפֿגעהערט צו זידען און געקריגען אַ דונקעל-פּורפּורנע פֿאַרב, וועלכע איז דערנאָך בּיסלאַכווײז פֿערוואַנדעלט געוואָרען אין אַ וואַסער-גרינעם קאָליער. מײַן גאַסט, וועלכער האָט געקוקט מיט אַ שאַרפֿען בליק אויף אָט די אַלע אומוואַנדלונגען, האָט אַ שמײכעל געטהאָן, אַוועקגעשטעלט דאָס גלאָז אויף'ן טיש, און דאַן האָט ער זיך אומגעקעהרט צו מיר מיט אַ פֿאָרשענדען בליק.

„און איצט," האָט ער געזאָגט, „לאָמיר ענדיגען וואָס מיר האָבען נאָך צו רײדען איבער דיזער אָנגעלעגענהײט. וועט איהר זײַן קלוג? וועט איהר זיך לאָזען לערנען? וועט איהר מיך לאָזען נעהמען דאָס דאָזיגע גלאָז אין מײַן האַנד און אַוועקגעהן פֿון אײער הויז אָהן אירגענד וועלכע ווײַטערדיגע ערקלעהרונג? אָדער איהר קענט ניט

ביישטעהן די נייגעריגקייט? בעדיינקט אייך, איידער איהר ענטפערט, ווייל איך וועל טהאָן ווי איהר וועט בעשליסען. אויב איהר וועט אַזוי בעשליסען, וועט איהר בלייבען ווי פריהער, ניט רייכער און ניט קליגער, סיידען די הילף וואָס יוערט געגעבען צו אַ פערצווייפעלטען מענשען ווי איך בין, קען בעטראַכט ווערן ווי אַ מין רייכטהום פון דער זעעלע. אָדער אויב איהר ווילט וויסען פון אַ נייער וויסענשאַפט, פון אַ נייעם וועג צו עהרע און רוהם, דאַן וועט דיזע קראַפט פאַר־געליינט ווערן פאַר אייך גלייך אויף'ן שטעל, דאָ אין דעם צימער; און אייערע אויגען וועלען דערזעהן אַ וואונדערבאַרע ערשיינונג, וועלכע מוז זאָגאַר צוטרייסלען דעם אונגלויבען פון'ם טייפעל אַליין.

„מיין הערר," האָב איך געענטפערט מיט אַ געמאַכטער קאַלטקייט. „איהר רעדט מיט רעטעניזשען, און עס וועט אייך פיליכט וואונדערן צו וויסען, אַז איך הער זיך צו צו אייך מיט ניט קיין שטאַרקען צוטרוי. אָבער איך בין שוין אַוועק צו וויט אין דער זאַך, אַז איך זאָל זיך איצט קענען צוריקהאַלטען ניט צו זעהן דעם סוף."

„גוט," האָט געענטפערט מיין גאַסט. „לעניאָן, איהר געדיינקט דאָך אייער פערשפרעכען: אַז וואָס דאָ וועט פאָרקומען בלייבט אונ־טער דעם זיגעל פון אונזער פראָפעסיאָן. און איצט, איהר, וואָס איהר זייט אַזוי לאַנג געווען צוגעבונדען צו גאַנץ ענגע און מאַטע־ריעלע אָנשויאונגען, איהר האָט געלייקענט אין דער קראַפט פון דער העכערער מעדיצין, איהר האָט אויסגעלאַכט די וואָס זיינען גרעסער פון אייך — אָט זעהט!"

ער האָט צוגעלייגט דאָס גלאָז צו זיינע ליפען און אויסגעטרונ־קען אין גאַנצען מיט איין זופ. ער האָט געגעבען אַ ווילדען געשריי, זיך אָנגעכאַפט פאַר'ן טיש, געקוקט מיט אויסגעגלאָצטע אויגען און מיט אַן אָפענעם מויל; און ווי איך האָב אַזוי געקוקט אויף איהם, האָב איך אָנגעהויבען צו בעמערקען, ווי אין איהם קומט פאָר אַן ענדערונג. ס'האָט אויסגעזעהן אַזוי ווי ער וואָלט געוואָרען געשוואָלען; זיין פנים איז פלוצלינג שוואַרץ געוואָרען און זיינע געזיכטס־ציגע האָבען זיך געענדערט. און אין אַ רגע אַרום בין איך אויפגעשפרונגען פון מיין פלאַץ און האָב אָבגעטראָטען צוריק צו דער וואַנד; מיט מיין אָרם האָב איך זיך בעשיצט פאַר דער וואונדערליכער ערשיינונג, און מיין געדאַנק איז געווען דורכדרונגען פון שרעק.

„אָה גאָט!" האָב איך אויסגעשריען, „אָה גאָט! אָה גאָט!" וויאָרים דאָרט פאַר מיינע אויגען — בלאַס און צוטרייסעלט, האַלב אין אָהנמאַכט און וואַרפענדיג מיט די הענד, אַזוי ווי אַ מענש וואָס ווערט פון טויט לעבעדיג — דאָרט איז געשטאַנען הענרי דזשייקעל!

וואָס ער האָט מיר אין דער נעכסטער שטונדע דערצעהלט, דאָס קען איך בשום אופן ניט פועל'ן ביי זיך איבערצוגעבען אויף פאַפיר. איך האָב געזעהן וואָס איך האָב געזעהן, איך האָב געהערט וואָס איך האָב געהערט, און מיין זעעלע איז קראַנק געוואָרען דערפון. און דאָך איצט, ווען דיזעס בילד איז אַוועק פון מיינע אויגען, פרעג איך זיך, צי איך גלויב עס, און איך קען ניט געבען קיין ענטפער. מיין לעבען איז דורך און דורך צוטרייסעלט; איך קען ניט שלאָפען; דער טויט־שרעק לאָזט מיך ניט אָב אויף איין שטונדע, סיי טאָג סיי נאַכט; איך פיהל, אַז מיינע טעג זיינען געצעהלט, און אַז איך מוז שטאַרבען; און דאָך וועל איך שטאַרבען ניט גלויבענדיג. וואָס איז שייך צו דער מאָראַלישער געזונקענהייט, וואָס דיזער מאַן האָט פאַר מיר ענטפלעקט, הגם מיט טרעהרען פון חרטה, קען איך זיך דאָך ניט דערמאָנען אָן דעם אָהן שרעק. איך וויל אייך זאָגען בלויז איין זאַך, אַטערסאָן, און דאָס וועט זיין מעהר ווי גענוג (אויב איהר קענט פועל'ן ביי זיך עס צו גלויבען). די בעשעפעניש, וואָס איז יענע נאַכט אַריינגעקראָכען צו מיר אין הויז, איז, לויט דזשייקעל'ס אייגענע רייד, בעקאַנט געווען אונטער דעם נאָמען האַיד, וועלכער ווערט געזוכט איבער'ן גאַנצען לאַנד אַלס דער מערדער פון סער קערויו.

הייסטי לעניאָן.

## הענרי דזשייקעל׳ס פולע ערקלעהרונג. ווענגען זיך אליין.

איך בין געבוירען געוואָרען אין דעם יאָהר — 18 אין אַ רייכער פאַמיליע, אַלס יורש פון אַ גרויסען פערמעגען. דערצו האָט מיך די נאַטור בעשאָנקען מיט אויסגעצייכענטע אייגענשאַפטען, כ׳האָב ליעב געהאַט צו אַרבייטען און געפיהלט אַ רעספעקט פאַר די קלוגע און די גוטע צווישען מיינע מיטמענשען, אַזוי אַז עס האָט אויסגעזעהן, אַז איך בין פערזיכערט מיט אַן עהרענהאַפטער און אָנגעזעהענער צוקונפט. און ווירקליך, דער ערגסטער חסרון מיינער איז געווען אַ געוויסע אונגעדולדיגע פרעהליכקייט, וועלכע מאַכט אַסך מענשען פאַר גליקליכע, אָבער וועלכע האָט זיך שווער געקענט צונויפפאַסען מיט מיין שטאָלצען וואונש צו טראָגען מיין קאָפּ אין דער הויך און מאַכען אַן ערנסטען פנים ווי געוועהנליך פאַר דער וועלט. אַזוי איז געקומען, אַז איך האָב אָנגעהויבען פערבאָרגען, זיך בעהאַלטען מיט מיינע פערגניגענס; און ווען איך בין אויסגעוואַקסען און אָנגעהויבען דיינקען און זיך אַרומקוקען, וואו איך האַלט ערגעץ אין דער וועלט, בין איך שוין געווען פעראורטהיילט צו אַ טיעפער צווייזייטיגקייט, צו אַ דאָפּעלטען לעבען. פ׳עלע מענשען וואָלטען זיך זאָגאַר געטשאַטשקעם מיט אַזעלכע אונרעגעלמעסיגקייטען ווי מיינע; אָבער פון דעם הויכען שטאַנדפונקט, וועלכען איך האָב זיך פאָרגענומען, האָב איך זיך זעהר שטאַרק געשעהמט מיט זיי. ניט אַזוי מיינע פעהלערן אַליין, נור די הויכע פאָדערונגען, וועלכע איך האָב זיך אַליין געשטעלט, האָבען דאָס מיך געמאַכט פאַר דעם וואָס איך בין, און האָבען נאָך טיעפער ווי ביי די מייסטע מענשען פונאַנדערגעטהיילט אין מיר יענע בעגריפען פון גוט און שלעכט, וועלכע צוטהיילען און שטעלען צונויף דעם מענשען׳ס צווייענדיגע נאַטור. דאָס האָט מיך געטריבען

זיך צו פערטיעפען און נאָכצודיינקען איבער דיזען שווערען געזעץ
פון לעבען, וואָס ליגט אין דעם וואָרצעל פון רעליגיאָן און איז די
הויפט קוועלע פון אונגליק. הגם איך האָב געפיהרט אַזאַ טיעפען
דאָפעל-לעבען, אָבער קיין צבוע'יאַק בין איך אין קיין זינן ניט געווען;
ביידע זייטען אין מיר זיינען געווען זעהר ערנסט; ווען איך בין
געווען צוריקגעצויגען פאַר זיך און האָב זיך געבאָדען אין שאַנדע,
בין איך געווען ניט מעהר און ניט וויינינגער טריי צו מיין נאַטור,
ווי ווען איך פלעג זיך אָבגעבען מיט זוכען קענטניס אָדער העלפען
די אונגליקליכע און די ליידענדע. און גראָד מיינע וויסענשאַפטליכע
פאָרשונגען, וועלכע האָבען מיך פאָלשטענדיג געפיהרט צו מיסטישע
און העכערע שליסע, האָבען אויך געוואָרפען אַ שטאַרקעם ליכט אויף
דיזען בעוואוסטזיין פון דעם אונאויפהערליכען קריעג צווישען מיינע גליע-
דער. מיט יעדען טאָג האָב איך זיך אַלץ מעהר איבערצייגט אין דער
וואַהרהייט, וועלכע האָט מיך נאַכהער אונגליקליך געמאַכט: אַז דער
מענש איז באמת ניט איינער, נאָר צוויי. איך זאָג צוויי, ווייל מיין
אייגענעם וויסען געהט ניט אַריבער ווייטער פון דיזען פונקט. אַנדערע
וועלען קומען נאָך מיר, אַנדערע וועלען מיך אַריבעריאָגען אויף דעם
וועג; און איך וויל טרעפען, אַז סוף כל סוף וועט מען אויסגעפינען,
אַז דער מענש איז אַ מלוכה פון פיעלפאַכע, אונפאַסענדע און אונ-
אַבהענגיגע בירגער. איך, פאַר מיין טהייל, האָב זיך פערנומען אין
איין ריכטונג, און בלויז אין איין ריכטונג. פון דער מאָראַלער זייט,
און אין מיר אַליין, האָב איך דערקענט די גרינדליכע און פרימיטיווע
דאָפעלטקייט פון'ם מענשען; איך האָב געזעהן, אַז זאָגאַר ווען איך
וואָלט באמת געקענט זיין איינע פון די צוויי נאַטורען, וועלכע האָבען
געקעמפפט איינע מיט דער אַנדערער אויף'ן פעלד פון מיין זעלבסט-
בעוואוסטזיין, איז דאָס בלויז דערפאַר, ווייל איך בין געווען ביידע
צוזאַמען; און שוין גאַנץ פריה, זאָגאַר איידער מיינע וויסענשאַפטליכע
ענטדעקונגען האָבען מיר אָנגעהויבען ווייזען די מעגליכקייט פון אַזאַ
וואונדער, האָב איך מיט פערגניגען געדיינקט דערפון, ווי גוט עס
וואָלט געווען צו פונאַנדערשיידען דיזע עלעמענטען בעזונדער. ווען יעדער
עלעמענט, האָב איך זיך געטראַכט, וואָלט געקענט, אַזוי צו זאָגען,
אַריינגעזעצט ווערן אין אַ בעזונדער הויז, דאַן וואָלט דאָס לעבען
ערלייזט געוואָרען פון אַלעס, וואָס איז אונערטרעגליך; דער שלעכטער,

דער אונגערעכטער וואָלט געקענט געהן זיין וועג, ערלייזט פֿון די גוטע ווינשע און די געוויסענסביסע פֿון זיין עהרליכען צווילינגס־ברודער; און דער גערעכטער, דער גוטער וואָלט געקענט מאַרשירען פֿאָרווערטס און זיכער אויף זיין וועג, ער וואָלט געקענט טהאָן די גוטע זאַכען, אין וועלכע ער געפֿינט זיין פֿערגניגען, און ניט זיין מעהר אויסגעזעצט צו שאַנדע און תשובה דורך דיזען אויסערליכען איבעל. ס'איז די קללה פֿון דער מענשהייט, וואָס אָט די אונפּאַסענדע בינטלאַך זיינען אַזוי צונויפֿגעבונדען אינאיינעם — וואָס אָט די צווי־לינגס, וועלכע זיינען אַזוי פּאָלאַר־ווייט איינס פֿון אַנדערן, מוזען זיך ראַנגלען אין דעם שויס פֿון זעלבסטבעוואוסטזיין. ווי אַזוי זשע קענען זיי פֿונאַנדערגעטהיילט ווערן?

אַזוי בין איך געווען פֿערטיעפֿט אין מיינע געדאַנקען, ווען אַ זייטען־ליכט, וואָס איז געקומען פֿון'ם טיש פֿון דער לאַבאָראַטאָריע, האָט אָנגעהויבען בעלייכטען די פֿראַגע. איך האָב אָנגעפֿאַנגען צו בעגרייפֿען אַסך טיעפֿער ווי אימער די ציטערענדע אונקערפּערליכקייט, די נעבעלהאַפֿטע פֿערגענגליכקייט פֿון דיזען כלומר'שט סאָלידען גוף, אין וועלכען מיר זיינען אָנגעטהאָן. איך האָב געפֿונען געוויסע פֿאַק־טאָרען, וועלכע האָבען די מאַכט פֿונאַנדערצוטרייסלען און אַרונטער־צורייסען דיזען קלייד פֿון פֿלייש, פּונקט ווי אַ ווינד קען צוטרייסלען די פֿאָרהאַנגען פֿון אַ פּאַוויליאָן. צוליעב צוויי אורזאַכען וויל איך זיך ניט אַריינלאָזען טיעף אין דיזער וויסענשאַפֿטליכער זייט פֿון מיין ערקלעהרונג. ערשטענס, ווייל איך ווייס, אַז דער מענש איז פֿער־אורטהיילט אימער און אייביג צו טראָגען אויף זיינע פּלייצעס די לאַסט פֿון'ם לעבען; און ווען מיר מאַכען אַ פֿערזוך עס אַראָבצו־וואַרפֿען פֿון זיך, דאַן קעהרט זיך עס אום צו אונז נאָך מיט אַ גרעסערן און אַ שרעקליכערן דרוק. צווייטענס, ווייל מיינע ענטדע־קונגען זיינען ליידער געווען אונפֿאָלקאָמען, ווי מען וועט דייטליך אַרויסזעהן פֿון מיין ערצעהלונג. עס וועט אַלזאָ זיין גענוג צו זאָגען, אַז איך האָב ניט נור דערקענט און אונטערשיידעט מיין נאַטירליכען קערפּער פֿון דעם איינפֿאַכען גלאַנץ פֿון געוויסע קרעפֿטען, וועלכע האָבען צוזאַמענגעשטעלט מיין גייסט, נאָר מיר האָט זיך איינגעגעבען צו מאַכען אַ מעדיצין, דורך וועלכער אָט די קרעפֿטען זאָלען אַרונטערגעזעצט ווערן פֿון זייער טראָהן, און

אָנשטאָט זיי זאָלען קומען אַן אַנדער פאָרם און אַן אַנדער אויסזעהן, ניט ווייניגער נאַטירליך פאַר מיר, ווייל זיי זיינען געווען דער אויסדרוק און האָבען געטראָגען דעם שטעמפעל פון נידעריגערע עלעמענטען אין מיין זעעלע.

איך האָב זיך לאַנג געשלאָגען מיט דער דעה, איידער איך האָב דיזע טהעאָריע אַריבערגעפיהרט דורך אַ פּראָבע אין דער פּראַקטיק. איך האָב גאַנץ גוט געוואוסט, אַז איך ריזיקיר דאָ מיט'ן לעבען; וואָרים אַ מעדיצין וואָס האָט אַזאַ קראַפט, קען דורך דעם מינדעס-טען פערזעהן אין גאַנצען אויסמעקען יענעם אונקערפערליכען געצעלט, וואָס איך האָב געוואָלט פערענדערן. אָבער דער וואונש צו מאַכען אַזאַ מערקווירדיגע און טיעפע ענטדעקונג האָט ענדליך בייגעקומען מיין שרעק.

די טינקטור איז שוין ביי מיר פון לאַנג אָן געשטאַנען פאַרטיג; ס'האָט זיך נור געפאָדערט, איך זאָל אַריינטהאָן אַ געוויסען סאָרט זאַלץ, דאָס איינציגע וואָס האָט נאָך געפעהלט, לויט מיינע עקספע-רימענטען. דיזען זאַלץ האָב איך געקויפט ביי אַ גרויסער פירמאַ פון פערשיעדענע אַפּטייקער-וואַרען; און איין פערפלוכטע נאַכט האָב איך אויסגעמישט די עלעמענטען; איך האָב געזעהן, ווי עס קאָכט און פּאַרעט אין גלאָז, און אַזוי גיך ווי דאָס זידען האָט אויפגעהערט, האָב איך געפאַסט מוטה און אויסגעטרונקען די מעדיצין.

אָה, וואָס פאַר שרעקליכע יסורים! מיינע ביינער האָבען מיר אָנגעהויבען ברעכען, ס'איז מיר בעפאַלען אַ נודנעקייט ווי צום שטאַרבען, און אַ גייסטעס-שרעק, וואָס מען קען נור פיהלען אין דער שטונדע פון געבורט אָדער פון טויט. אָבער דיזע שרעקליכע שמערצען זיינען באַלד פערשוואונדען, און איך בין געקומען צו זיך, אַזוי ווי נאָך אַ גרויסער קריינק. איך בין געוואָרען גאָר אַ נייער מענש; גאַנץ נייע, און דעריבער גאַנץ זיסע געפיהלען האָבען זיך צוגאָסען אין מיר. איך האָב זיך געפיהלט יונגער, לייכטער, גליקליכער אין קערפער; אינעווייניג אין מיר האָב איך דערשפירט אַ מין זאָרג-לאָזיגקייט, אַ שטראָם פון צומישטע וואויל-לוסטיגע בילדער, וואָס האָבען זיך צוגאָסען מיט אַן אונגעהייערער קראַפט ביי מיר אין מוח; אויפגעלייזט, אויפגעקניפט זיינען מיט אַמאָל געוואָרען די באַנדען פון פליכט אין מיר, אַן אונבעקאַנטע אָבער ניט קיין אונשולדיגע

פרייהייט האָט אָנגעפילט מיין זעעלע. ביי דעם ערשטען אָטהעם-צוג פון דיזען נייעם לעבען האָב איך גלייך געוואוסט, אַז איך בין אַסך ערגער, צעהן מאָל אַזוי שלעכט, אַ פערקויפטער שקלאַף צו מיין אורשפרינגליכער בייזער נאַטור; און דער געדאַנק האָט מיך אין יענער רגע דערפרישט ווי וויין. איך האָב אויסגעשטרעקט מיינע הענד, זיך קוויקענדיג אין דער פרישקייט פון דיזע געפילען; און פלוצלינג האָב איך דערזעהן, אַז איך האָב פערלאָרען אין וואוקס, און מיין פיגור איז געוואָרען קלענער.

אין יענער צייט איז נאָך ביי מיר אין צימער קיין שפיגעל ניט געווען; דער וואָס שטעהט איצט לעבען מיר, בשעת איך שרייב, איז געבראַכט געוואָרען שפעטער, און טאַקע צוליעב דיזע פערוואַנדלונגען. די נאַכט האָט געהאַלטען ביים פערשווינדען, הגם ס'איז נאָך געווען פינסטער; אַלע ביי מיר אין הויז זיינען נאָך געווען פערזונקען אין טיעפען שלאָף. פול מיט האָפנונג און מיט טריאומף, ווי איך בין דאַן געווען, האָב איך בעשלאָסען ביי זיך צו וואַגען און אַריבערגעהן צו מיר אין שלאָפצימער אָט אַזוי ווי איך בין דאַן געווען, אין מיין נייער פאָרם. איך בין אַלזאָ דורכגעגאַנגען דעם הויף; די שטערן האָבען אַראָבגעקוקט אויף מיר, און ווי מיר האָט זיך געדוכט, האָבען זיי זיך געוואונדערט, ווייל דאָס איז געווען די ערשטע בעשעפעניש פון דעם סאָרט, וואָס זייער שלאָפלאָזע וואַכזאַמקייט האָט ביז אַהער בעמערקט. איך האָב זיך פער'גנב'עט דורך די קאָרידאָרען, אַ פרעמדער ביי מיר אין מיין אייגענעם הויז; און אַריינקומענדיג אין מיין שלאָפצימער, האָב איך צום ערשטען מאָל דערזעהן עדוואַרד האַיד.

איך מוז דאָ ווידערריידען וועגען מיין טהעאָריע, און זאָגען ניט דאָס וואָס איך וויים, נאָר דאָס וואָס איך האַלט פאַר העכסט וואַהרשיינליך. די שלעכטע זייט פון מיין נאַטור, וועלכע האָט זיך איצט אָבגעשטעמפעלט אויף מיר מיט איהר גאַנצער ווירקזאַמקייט, איז געווען וויינינגער שטאַרק און וויינינגער ענטוויקעלט ווי די גוטע, וועלכע איך האָב נור וואָס אַרונטערגעוואָרפען פון זיך. אין משך פון מיין לעבען, וואָס איז נאָך אַלעם דעם געווען ניין-צעהנטעל אַ לעבען פון אָנשטריינגונג, טוגענד און קאָנטראָל, איז אָט די שלעכטע זייט אַ סך וויינינגער אויסגעאיבט געוואָרען. און דערפון,

דיינק איך, האָט זיך גענומען דאָס, וואָס עדוואַרד האַיד איז געווען אַזוי פּיעל קלענער, מאָגערער און יונגער ווי הענרי דזשייקעל. פּונקט ווי די גוטסקייט האָט אַראָבגעשיינט פּון דעם איינעמ'ס געזיכט, אַזוי איז די רשעות געווען אָנגעשריבען איינפּאַך און דייטליך ביים אַנדערן אויף'ן פּנים. אויסערדעם האָט דאָס שלעכטס איבערגעלאָזט אויף דיזען קערפער אַן אָבדרוק פּון פּערקריפּלונג. און דאָך, אַז איך האָב אַ קוק געטהאָן אין שפּיגעל אויף דיזען מיאוס'ן געץ, האָב איך ניט געפּיהלט קיין עקעל, נאָר פּערקעהרט אַ פּרייד. וואָרים אויך דאָס בין איך דאָך אַליין געווען. ס'האָט אויסגעזעהן נאַטירליך און מענש-ליך. אין מיינע אויגען האָט עס געטראָגען אַ לעבעדיגערעס, שאַר-פּערעס בילד פּון דעם גייסט, ווי דאָס אונפּאָלקאָמענע און צוטהיילטע אויסזעהן, וואָס איך בין דאַן געוואוינט געווען צו רופּען מיינס. אויף אַזוי וויט בין איך גאָר אָהן צווייפּעל גערעכט געווען. איך האָב בעמערקט, אַז ווען איך פּלעג טראָגען די צורה פּון עדוואַרד האַיד, האָט קיינער ניט געקענט צוקומען צו מיר און ביים ערשטען אויגענ-בליק ניט פּיהלען אַ געוויסען שוידער. דאָס איז, גלויב איך, געווען דערפּאַר, ווייל אַלע מענשען, ווי מיר טרעפּען זיי אויף, זיינען אויס-געמישט פּון גוטס און שלעכטס; און עדוואַרד האַיד, איינער אַליין צווישען דער גאַנצער מענשהייט, איז געווען לויטער שלעכטס.

ניט מעהר ווי אַ רגע בין איך געשטאַנען ביים שפּיגעל: איצט האָב איך געדאַרפט מאַכען דעם צווייטען און וויכטיגסטען עקספּע-רימענט; מיר איז נאָך געבליבען צו זעהן, אויב איך האָב פּערלאָרען אויף שטענדיג מיין אויסזעהן און איך מוז אַלזאָ, איידער עס ווערט ליכטיג, אַנטלויפּען פּון אַ הויז, וואָס איז ניט מעהר מיינס. איך בין גלייך צוריקגעלאָפּען צו מיר אין קאַבינעט, כ'האָב ווידער אַמאָל צו-געגרייט און אויסגעטרונקען דאָס גלאָז, פּון דאָס ניי געליטען די שמערצען פּון טויט און איך בין ווידער געקומען צו זיך מיט דעם כאַראַקטער, די געשטאַלט און דאָס געזיכט פּון העני דזשייקעל.

יענע נאַכט בין איך צוגעקומען צו די געפּעהרליכע איבערגאַנגס-וועגען. וואָלט איך צוגעטראָטען צו מיין ענטדעקונג אין אַ נאָבעלערן גייסט, וואָלט איך ריזיקירט צו מאַכען דעם עקספּערימענט אונטער דעם איינפּלוס פּון עדעלע אָדער פּרומע ווינשע, דאַן וואָלט אַלעס זיכער אַנדערש געווען, און פּון דיזע ווייטאָגען פּון טויט און געבורט

וואָלט איך אַרויסגעקומען אַ מלאך אָנשטאָט אַ טייוועל. די מעדיצין אַליין האָט ניט געהאַט קיין ענטשיידענדע ווירקונג; זי איז געווען ניט טייפליש און ניט געטליך; זי האָט בלויז פונאַנדערגעטרייסעלט די געפענגנים־טהירען פון מיין נאַטור, און דאָס וואָס איז געווען אינעווייניג איז אַרויסגעלאָפען. אין יענער צייט האָט מיין טוגענד געדרעמעלט; מיין בייזער גייסט אָבער האָט געוואַכט און ער האָט מיט געשווינדקייט זיך אָנגעכאַפּט אָן דער געלעגענהייט; און דערפאַר איז אַרויסגעקומען עדוואַרד האַיד. נו, הגם איך האָב איצט געהאַט צוויי כאַראַקטערע אַזוי גוט ווי צוויי פנים'ער, איז אָבער איינער געווען פאַלשטענדיג שלעכט, און דער אַנדערער איז נאָך אַלץ געווען דער אַלטער הענרי דזשייקעל, יענער אונפּאַסענדער געמיש, וואָס איך האָב געהאַט פערלאָרען יעדע האָפנונג ווען עס איז אויסצובעסערן.

זאָגאַר אין יענער צייט האָב איך נאָך געפיהלט אַן אָבשטויס צו דעם טרוקענעם לעבען פון פאָרשונג און סטודיום. צייטענווייז בין איך געווען גאַנץ פרעהליך אויפגעלייגט; און אַזוי ווי מיינע פערגני־גענס זיינען, מילד גערעדט, געווען אונווירדיג, און איך בין ניט נור געווען אָנערקענט און געשעצט, נאָר דערצו נאָך אַ בעיאָהרענטער מאַן, איז דיזער ווידערשפרוך אין מיין לעבען מיר פון טאָג צו טאָג געוואָרען אַלץ אונווילקאָמענער. אָט דערפאַר האָט די נייע קראַפט, וואָס איך האָב ענטדעקט, מיך אַזוי לאַנג גערייצט און געצויגען, ביז וואַנען איך בין געוואָרען איהר שקלאַף. איך האָב בלויז געדאַרפט אויסטרינקען די מעדיצין, אַראָבוואַרפען פון זיך דעם קערפּער פון דעם בעקאַנטען פּראָפעסאָר און אַרויפנעהמען, ווי אַ דיקען מאַנטעל, דעם קערפּער פון עדוואַרד האַיד. איך פלעג שמייכלען ביי דעם געדאַנק; עס האָט מיר דאַן אויסגעזעהן ווי אַ פרעהליכער שפּאַס; דאָך פלעג איך די מעדיצין צוגרייטען מיט גרויסער פאָרזיכטיגקייט. איך האָב געדונגען דאָס הויז אין סאָהאָ, וואו די פּאָליציי האָט נאָכ־געשפירט האַיד'ן; און אַלס הויז־האַלטערין האָב איך צוגענומען אַ פערזאָן, וועמען איך האָב גוט געקענט און געוואוסט, אַז זי קען קו־קען און שווייגען. פון דער אַנדער זייט האָב איך געלאָזט וויסען מיינע דיענער, אַז אַ געוויסער מר. האַיד (וועלכען איך האָב זיי בעשריבען) האָט די פולע פרייהייט אַריינצוקומען צו מיר אין הויז

ווען ער וויל; און כדי אויסצומיידען אונגליקליכע צופּעלע, פּלעג איך זאָגאַר מאַכען בעזוכען און איך בין געוואָרען אַן אָפּטער איינגעהער צו מיר אין הויז, אַלס מר. האַיד. דאַן האָב איך אָנגעשריבען די צוואה, געגען וועלכער איהר זייט אַזוי שטאַרק אַרויסגעטראָטען; אַזוי אַז אויב מיר וועט עפּעס פּאַסירען אין דער פּערזאָן פון דר. דזשייקעל, זאָל איך קענען, אָהן וואָס פאַר עס איז געלד־פערלוסט, אַריינטרעטען אין דער ראָלע פון עדוואַרד האַיד. און זיך האָבענדיג אַזוי פּערזאָרגט פון אַלע זייטען, האָב איך אָנגעפאַנגען צו פּראָפּיטירען פון די מערק־ווירדיגע פרייהייטען פון מיין פּאָזיציאָן.

מענשען פּלעגען אַמאָל דינגען באַנדיטען צו בעגעהן זייערע פערברעכען, אין דער צייט וואָס זיי אַליין זיינען זיך געזעסען רוהיג אין דערהיים און זייער נאָמען איז געבליבען אונבעפּלעקט. איך בין געווען דער ערשטער, וואָס האָט עס אַליין געטהאָן פאַר זיין אייגענעם פער־גניגען. איך בין געווען דער ערשטער, וואָס האָט געקענט ערשיינען פאַר דער וועלט אַ בעלאָדענער מיט כבוד און רעספּעקט, און אין איין רגע, אַזוי ווי אַ שוהל־אינגעל, אַרונטערוואַרפען פון זיך דיזע משא און אַריינשפּרינגען אין דעם ים פון פרייהייט. אָבער אין מיין אונדורכדרינגבאַרען מאַנטעל בין איך געווען פאָלשטענדיג זיכער. בערעכענט נור — איך האָב דאָך זאָגאַר ניט עקזיסטירט! איך דאַרף זיך נור אַריינכאַפּען צו מיר אין לאַבאָראַטאָריע, האָבען אַ סעקונדע אָדער צוויי אויסצומישען און אַראָבשלינגען די מעדיצין, וואָס פּלעגט אימער שטעהן אָנגעגרייט; און וואָס עדוואַרד האַיד זאָל ניט האָבען אָבגעטהאָן, אָבער ער האָט געקענט זיכער זיין, אַז ער וועט פער־שווינדען ווי אַ הויך פון׳ם אָטהעם אויף אַ שפּיגעל; און דאָרט אין זיין שטוהל ביי זיך אין קאַבינעט, זיצט זיך רוהיג אַ מאַן, וואָס קען זיך אויסלאַכען פון יעדען פערדאַכט — דאָס איז הענרי דזשייקעל.

די פערגניגענס, וועלכע איך האָב מיט האַסט געזוכט אין מיין פערשטעלטער פּאָזיציאָן, זיינען, ווי איך האָב שוין איינמאָל געזאָגט, געווען אונווירדיג; איך וויל ניט געברויכען קיין שאַרפערן אויסדרוק. אָבער ביי עדוואַרד האַיד אין די הענד האָבען זיי באַלד אָנגעהויבען ווערן טייפליש. ווען איך פּלעג צוריקקומען אַהיים פון דיזע פערגניגענס־וואַנדערונגען, בין איך אָפּטמאָל פערוואונדערט געוואָרען איבער מיין

פֿערדאָרבענהייט. אָט דער גייסט, וואָס איך האָב אַרויסגערופֿען פֿון מיין אייגענער זעעלע, אין ווענען איך האָב אַרויסגעשיקט אַליין צו געניסען זיין פֿערגניגען, איז געווען דורך און דורך רשעות׳דיג און נידערטרעכטיג; יעדע האַנדלונג זיינע, יעדער געדאַנק איז געווען קאָנ-צענטרירט נור אויף זיך אַליין; ער האָט געטרונקען פֿערגניגען מיט דעם דורשט פֿון אַ חיה, ניט קוקענדיג וויפֿיעל יסורים ער האָט דערמיט פֿערשאַפֿט אַנדערע; אום׳ברחמנות׳דיג ווי אַ מענש פֿון שטיין. הענרי דזשייקעל איז צייטענווייז געשטאַנען אַ דערשראָקענער אַנטקעגען די מעשים פֿון עדוואַרד האַיד; אָבער די לאַגע איז געווען אַן אויסער-געוועהנליכע. נאָך אַלעם דעם איז דאָך נור האַיד, און האַיד אַליין, דער שולדיגער. דזשייקעל איז דאָך איצט ניט געווען ערגער ווי פֿרי-הער; ער פֿלעגט זיך צוריק אויפֿכאַפּען צו זיינע גוטע אייגענשאַפֿטען און עס האָט אויסגעזעהן, אַז זיין כאַראַקטער איז דורך דעם אַבסאָלוט ניט געשעדיגט; ער פֿלעגט זאָגאַר זעהן, ווי ווייט עס איז נור מעגליך געווען, צו פֿערריכטען דאָס שלעכטס, וואָס האַיד האָט אָבגעטהאָן. און אַזוי איז זיין געוויסען געשלאָפֿען.

אין די איינצעלהייטען פֿון דער נידערטרעכטיגקייט, צו וועלכער איך האָב צוגעלאָזען (וואָרים זאָגאַר איצט קען איך קוים צוגעבען, אַז איך האָב עס בעגאַנגען), האָב איך קיין חשק ניט אַריינצוגעהן; איך וויל דאָ נור אָנצייגען די וואָרנונגען, מיט וועלכע מיין שטראָף איז טריט ביי טריט געקומען אַליין נעהענטער צו מיר. מיר האָט געטראָפֿען אַן אונגליקליכער צופֿאַל, וואָס איך וויל דאָ ניט מעהר ווי דערמאָנען, ווייל ער האָט ניט געבראַכט קיין פֿאָלגען. אַ גרויזאַמקייט, וואָס איך בין בעגאַנגען געגען אַ קינד, האָט אַרויסגערופֿען געגען מיר דעם כעס פֿון אַ פֿערבייגעהער, ווענען איך האָב אין אַ צייט אַרום ווידער דערקענט אין דער פּערזאָן פֿון אייער קרוב; דער דאָקטאָר און דעם קינד׳ס פֿאַמיליע האָבען זיך אָנגעשלאָסען אָן איהם; עס זיינען געווען מאָמענטען, ווען איך האָב געציטערט פֿאַר מיין לעבען; און ענדליך, כדי איינצושטילען זייער גערעכטען צאָרן, האָט זיי עדוואַרד האַיד געמוזט צופֿיהרען צו דר. דזשייקעל׳ס טהיר און זיי בעצאָהלען מיט אַן אָנווייזונג, אונטערשריבען פֿון הענרי דזשייקעל. אָבער דיזע געפֿאַהר איז באַלד בעזייטיגט געוואָרען, אַריינלייגענדיג אַ געוויסע סומע אין אַן אַנדער באַנק

אויף עדוואַרד האַיד'ס נאָמען אַליין; און נאָכדעם ווי איך האָב זיך אויסגעלערענט שרייבען דעם נאָמען ריקווערטס,האָט שוין האַיד געהאַט אַן אונטערשריפט, און איך האָב גערעכענט, אַז איצט בין איך שוין זיכער.

אַן ערך צוויי מאָנאַטען פאַר דער ערמאָרדונג פון סער דענ־ווערס קעריוו בין איך איינמאָל אַהיים געקומען שפּעט ביינאַכט; און אַז איך האָב זיך אויף מאָרגען אין דערפריה אויפגעכאַפּט, האָב איך עפּעס געפיהלט גאַנץ מאָדנע. אומזיסט האָב איך זיך אומגעקוקט אַרום מיר; אומזיסט האָב איך געזעהן פאַר זיך די פיינע מעבעל פון מיין צימער אין סקווער; אומזיסט האָב איך דערקענט מיין בעט מיט די פאָרהאַנגען; עפּעס האָט מיר געזאָגט, אַז איך בין ניט דאָרט וואו איך בין, אַז איך האָב זיך ניט אויפגעכאַפּט אין מיין שטענדיגען שלאָפצימער, נאָר דאָרט אין דעם קליינעם צימער אין סאָהאָ, וואו איך בין געוואוינט געווען צו שלאָפען בשעת איך בין געווען אין דעם קערפּער פון עדוואַרד האַיד. איך האָב געשמייכעלט צו זיך אַליין, און ווי מיין שטייגער איז געווען, האָב איך זיך פער־טיעפט אין געדאַנקען און געזוכט אַ פסיכאָלאָגישע ערקלעהרונג צו דיזער אילוזיע, און פון צייט צו צייט האָב איך אַזוי איינגעדרעמעלט טראַכטענדיג. אָבער מיט אַמאָל איז מיין בליק געפאַלען אויף מיין האַנד. נו, די האַנד פון הענרי דזשייקעל איז דאָך אייך געווען גוט בעקאַנט; זי איז געווען גרויס, פעסט, ווייס און ליעבליך. אָבער די האַנד, וואָס איך האָב איצט געזעהן, ליגענדיג האַלב־פערמאַכט אויף די בעט־געוואַנט, איז געווען מאָגער, צוקאָרטשעט, דונקעל־בלאַס און בעדעקט מיט האָר. ס'איז געווען די האַנד פון עדוואַרד האַיד.

איך האָב אַודאי געמוזט קוקען דערויף ביינאַה אַ האַלבע מינוט, פערזונקען ווי איך בין געווען אין פערוואונדערונג, איידער דער שרעק האָט זיך פלוצלינג אויפגעוועקט אין מיר; און אַרונטערשפּרינגענדיג פון בעט, בין איך צוגעלאָפען צום שפּיגעל. ביי דעם אָנבליק, וואָס איך האָב געהאַט פאַר מיינע אויגען, איז מיר דאָס בלוט פערגליווערט געוואָרען. יאָ, איך האָב זיך געלייגט שלאָפען הענרי דזשייקעל, איך האָב זיך אויפגעכאַפּט עדוואַרד האַיד. ווי אַזוי זאָל דאָס ערקלעהרט ווערן? האָב איך זיך געפרעגט; און דאַן, מיט נאָך מעהר שרעק — וואָס טהוט מען פאָרט דערצו? ס'איז שוין געווען גרויסער טאָג;

מיינע דיענער זיינען געווען אויף; אַלע מיינע מעדיצינען זיינען געווען אין קאַבינעט — אַ לאַנגער וועג, אַרונטער צוויי שטיענגען, דורך׳ן הינטער־קאָרידאָר, דאַן דורך דעם אָפּענעם הויף און דורך׳ן אַנאַטאָ־מישען טהעאַטער. אמת, ס׳איז מעגליך זיך צו פֿערדעקען דאָס געזיכט; אָבער וואָס נוצט עס, אַז איך קען ניט בעהאַלטען די ענדערונג אין מיין פיגור? און פלוצלינג האָב איך זיך מיט אַ זיסען פֿערגניגען דערמאָנט, אַז די דיענער זיינען שוין צוגעוואוינט צו זעהן מיין צווייטען איך אַריינקומען און אַרויסגעהן פֿון הויז. איך האָב זיך אַלזאָ שנעל אָנגעטהאָן, אַזוי גוט ווי איך האָב נור געקענט, אין קליידער פֿון מיין גרויס, בין אויף גיך דורכגעגאַנגען דורך׳ן הויז, וואו ברעדשאָ האָט מיט פֿערוואונדערונג געקוקט אויף מיר, זעהענדיג מר. האַיד׳ן אַזוי פֿריה און אין אַזעלכע קליידער; און אין צעהן מינוט אַרום האָט זיך דר. דזשייקעל אומגעקעהרט צוריק צו זיין אייגענער פֿאָרם און איז געזעסען מיט אַ פֿערקנייטשטען שטערן ביים טיש, כלומר׳שט צו עסען פֿריהשטיק.

איך האָב כמעט גאָר קיין אַפּעטיט ניט געהאַט. די אונער־קלעהרליכע פּאַסירונג האָט מיר אויסגעזעהן אַזוי ווי דער באַבילאָני־שער פֿינגער אויף דער וואַנד, אָנשרייבענדיג די בוכשטאַבען פֿון מיין אורטהייל; און איך האָב אָנגעפֿאַנגען ערנסטער ווי פֿריהער נאָכצו־דיינקען וועגען די רעזולטאַטען און די מעגליכקייט פֿון מיין דאָפּעלטער עקזיסטענץ. אָט דער טהייל פֿון מיין איך, וואָס איך האָב געהאַט די מאַכט אַרויסצורופֿען, איז לעצטענס פֿיעל גענוצט און גענעהרט געוואָרען; די לעצטע צייט האָט זיך מיר אָבגעדוכט, עפּעס אַזוי ווי דער קערפּער פֿון עדוואַרד האַיד וואָלט גרעסער געוואָרען, אַזוי ווי איך וואָלט גע־פֿיהלט אַ גרעסערן שטראָם פֿון בלוט, ווען איך בין געווען אין דיזער פֿאָרם; און איך האָב אָנגעהויבען שפּירען אַ געפֿאַהר, אַז אויב דאָס זאָל אָנהאַלטען ווייטער, דאַן קען נאָך די גלייכגעוויכט פֿון מיין נאַ־טור איבערגעקעהרט ווערן, איך קען פֿערלירען די קראַפֿט זיך פֿריי־וויליג צו ענדערן, און דער כאַראַקטער פֿון עדוואַרד האַיד וועט בלייבען אויף שטענדיג מיינער. די מעדיצין האָט ניט אימער גלייך געווירקט. איינמאָל, אין דער ערשטער צייט, האָט זי גאָר ניט געווירקט; זינט דאַן בין איך מעהר ווי איינמאָל געצוואונגען געווען צו פֿערדאָפּלען, און איינמאָל, אונטער אַן אונגעהייערער געפֿאַהר, זאָגאַר צו

פֿערדרייפֿאַכען די קוואַנטיטעט; און דיזע זעלטענע אונזיכערהייטען האָבען געוואָרפֿען דעם איינציגען שאָטען אויף מיין צופֿריעדענהייט. איצט אָבער, נאָך דער פּאַסירונג פֿון יענעם אין דערפֿריה, האָב איך אָנגעהויבען בעמערקען, אַז בעת ווען אין אָנפֿאַנג איז די שווירינקייט בעשטאַנען אין דעם אַרונטערצואוואַרפֿען דעם קערפער פֿון דזשייקעל, האָט זי זיך לעצטענס ביסלאַכווייז אַריבערגעטראָגען אויף דער אַנדער זייט. אַלעס האָט איצט געשיינט אָנצואווייזען אויף פֿאָלגענדעס: אַז איך האָב ביסלאַכווייז פֿערלאָרען מיין אורשפּרינגליכע און בעסערע נאַטור, און איך בין לאַנגזאַם פֿערקערפערט געוואָרען מיט מיין צווייטען און ערגערן איך.

צווישען דיזע צוויי האָב איך איצט געמוזט אויסוועהלען. מיינע צוויי נאַטורען האָבען געהאַט אַ געמיינשאַפֿטליכען זכרון, אָבער אַלע אַנדערע אייגענשאַפֿטען זיינען געווען אונגלייך פֿערטהיילט צווישען זיי. דזשייקעל האָט פּראָיעקטירט און אָנטהייל גענומען אין די פֿערגניגענס און די ריזיקאַלישע אונטערנעהמונגען פֿון האַיד; אָבער האַיד איז געווען גלייכגילטיג צו דזשייקעל'ן, אָדער ער האָט זיך נור אויף אַזויפֿיעל דערמאָנט אָן איהם, ווי דער באַנדיט פֿון די בערג דערמאָנט זיך אָן דער הייהל, וואו ער בעהאַלט זיך. דזשייקעל האָט געהאַט מעהר ווי דעם אינטערעס פֿון אַ פֿאָטער; האַיד האָט געהאַט מעהר ווי אַ זוהן'ס גלייכגילטיגקייט. אַריינוואַרפֿען מיין גורל אין דזשייקעל'ס הענד האָט געהייסען, זיך אָבזאָגען אויף שטענדיג פֿון יענע בעגעהרען, צו וועלכע איך האָב אַ לאַנגע צייט אין געהיים געשטרעבט און וועלכע איך האָב צולעצט אָנגעהויבען צו צערטלען. זיך אַריינוואַרפֿען אין האַיד'ס הענד האָט געהייסען, זיך אָבזאָגען פֿון טויזענד אינטערעסען און ווינשע און ווערן מיט איין קלאַפּ און אויף אייביג, פֿעראַכטעט און פֿערהאַסט. אָבער עס איז געווען נאָך אַ פּונקט צו בעטראַכטען; דזשייקעל וואָלט מורא'דיג געליטען אין דעם פֿייער פֿון איינגעהאַלטענקייט, בעת ווען האַיד וואָלט אפילו ניט געוואוסט, וואָס ער האָט פֿערלאָרען. און ווי מאָדנע מיינע אומשטענדען זיינען געווען, דאָך איז דיזער וכוח אַזוי אַלט און אַזוי אַלטעגליך ווי דער מענש; יעדער ציטערענדער זינדער, וועלכער דאַרף ביישטעהן אַ נסיון, האָט פֿאַר זיך דיזע פּראָבלעמען; און מיט מיר האָט פּאַסירט דאָסזעלבע וואָס עס פּאַסירט מיט אַזאַ גרויסער מאַסע פֿון מיינע מיט-מענשען:

איך האָב אויסגעקליבען דעם בעסערן טהייל, און איך האָב ניט געהאַט גענוג קרעפטען זיך צו האַלטען דערביי.

יאָ, איך האָב פאַרגעצויגען דעם בעיאָהרענטען און אונצופריעד־דענעם דאָקטאָר, אַרומגערינגעלט פון פריינד און דורכדרונגען פון עהרליכע האָפנונגען; און מיט ענטשלאָסענהייט האָב איך זיך אָב־געזעגענט מיט דער פרייהייט, מיט דער פערהעלטניסמעסיגער יוגענד, מיט דעם לייכטען טריט, מיט די שפרינגענדע פולסען און די געה־היימע פערגניגענס, וואָס איך האָב גענאָסען אין דער פאָרם פון האַיד. מיט'ן גאַנצען האַרצען האָב איך דאָס פונדעסטוועגען ניט געטהאָן; וואָרים איך האָב ניט אויפגעגעבען דאָס הויז אין סאָהאָ און אויך ניט פערניכטעט די קליידער פון עדוואַרד האַיד, וועלכע זיינען נאָך געלעגען גרייט ביי מיר אין קאַבינעט. דאָך צוויי מאָנאַטען צייט בין איך געבליבען געטריי צו מיין בעשלוס; צוויי מאָנאַטען האָב איך געפיהרט אַזאַ שטרייגג מאָראַלישען לעבען, ווי קיינמאָל ניט פאַר דעם, און איך בין געווען צופריעדען, געשמייכעלט פון דעם לויב, וואָס מיין געוויסען האָט מיר געגעבען. אָבער די צייט האָט ענדליך אָנגעפאַנגען אָבמעקען די פרישקייט פון מיין זאָרג; די לויב־געזאַנגען פון מיין געוויסען האָבען אָנגעהויבען ווערן וואָכענדיג; איך האָב אָנגעפאַנגען פון דאָס ניי געמאַטערט צו ווערן פון ווינשע און ביינ־קענישען, אַזוי ווי האַיד וואָלט זיך געריסען נאָך פרייהייט; און ענדליך, אין אַ שטונדע פון מאָראַלער שוואַכקייט, האָב איך ווידער אַמאָל צוגעגרייט און אויסגעטרונקען די פערוואַנדעלענדע מעדיצין.

ווען אַ שכור אַרגומענטירט מיט זיך אַליין וועגען זיין פערדאָר־בענהייט, גלויב איך ניט, אויב ער וועט איין מאָל פון פינף הונדערט נעהמען אין בעטראַכט די געפאַהרען, אין וועלכע ער שטעלט זיך איין דורך זיין גראָבער פיזישער געפיהללאָזיגקייט; דאָסזעלבע איז געווען מיט מיר. מיין טייפעל איז געווען צו לאַנג איינגעשפאַרט אין שטייג, איצט איז ער אַרויסגעקומען מיט אַ שרעקליכען צאָרן. איך האָב געפיהלט, אַז מיין לוסט צו טהאָן שלעכטס איז איצט נאָך שטאַרקער ווי פריהער. דאָס איז געווים געווען די אורזאַכע, וואָס האָט אַרויסגערופען אין מיר דעם שטורם פון אונגעדולד, מיט וועלכען איך האָב געהערט די העפליכע ווערטער פון מיין אונגליקליכען אָפפער. איך ערקלעהר עס פאַר גאָט, אַז קיין מענש ביי זיין געזונדען

פֿערשטאַנד וואָלט ניט געקענט בעגעהן אַזאַ פֿערברעכען צוליעב אַזאַ קליינינקייט; און אַז ווען איך האָב דעם מאַן אַזוי מורא׳דיג געשלאָגען, בין איך געוועזן אַזוי וויינינ ביים שכל, ווי אַ קראַנק קינד, וואָס צו־ברעכט זיין שפּיעלצייג. אָבער פֿרייוויליג האָב איך אַרונטערגעוואָרפֿען פֿון זיך אַלע קאָנטראָלירענדע אינסטינקטען, וואָס זאָגאַר די ערגסטע פֿון אונז האָבען; אַזוי אַז אין מיין פֿאַל האָב איך ניט געקענט ביי־שטעהן דעם קלענסטען נסיון.

אין אַ סעקונדע האָט זיך אין מיר אָנגעצונדען אַ העלישער גייסט. מיט אַן עקעלהאַפֿטער פֿרייד האָב איך געשלאָגען און צו׳־הרג׳עט דעם קערפּער פֿון מיין אָפּפֿער, שעפּענדיג נחת פֿון יעדען קלאַפּ; און נור ווען איך בין מיעד געוואָרען, איז מיר אַריבער אַ קאַלטער שוידער איבער׳ן לייב. דאַן איז דער נעבעל פֿערשוואונדען און איך האָב דערזעהן, אַז מיין לעבען איז פֿערשפּיעלט; און איך בין אַנטלאָפֿען פֿון דער סצענע פֿון מיין פֿערברעכען, זיך פֿרעהענדיג און ציטערנדיג אין איין און דערזעלבער צייט, מיין בעגעהר צו טהאָן שלעכטס איז געוועזן בעפֿריעדיגט און גערייצט, מיין ליעבע צום לעבען אָנגעשרויפֿט אויף דעם העכסטען גראַד. איך בין גלייך אַוועקגעלאָפֿען צום הויז אין סאָהאָ, און כדי זיך בעסער צו פֿערזיכערן, האָב איך פֿערברענט מיינע פּאַפּירען. פֿון דאָרט בין איך אַוועק אין די בעלויכטעטע גאַסען, נאָך אַלץ אין אַן אויפֿרעגונג פֿון פֿרייד איבער מיין פֿער־ברעכען און קלעהרענדיג, ווי אַזוי צו בעגעהן אַנדערע, אָבער אין דערזעלבער צייט זיך אויך צוהערענדיג הינטער מיר צו די טריט פֿון דעם נקמה־נעהמער. ווען האַיד האָט צוגעגרייט די מעדיצין האָט ער געזונגען, און אַז ער האָט זי צוגעטראָגען צו די ליפּען האָט ער געטרונקען „לחיים" צו דעם טויטען מאַן. אָבער איידער די וויטאָגען פֿון דער פֿערוואַנדלונג האָבען נאָך אויפֿגעהערט איהם צו מאַטערן, איז שוין העניר דזשייקעל געפֿאַלען אויף די קניע, און אויפֿהויבענדיג די הענד צו גאָט, האָט ער פֿערגאָסען טרעהרען פֿון דאַנקבאַרקייט און חרטה. דער שלייער פֿון זעלבסט־הינגעבונג איז אַרונטערגעריסען געוואָרען פֿון קאָפּ ביז די פֿיס, איך האָב דערזעהן מיין גאַנצעס לעבען, פֿון מיינע קינדערשע יאָהרען, ווען מיין פֿאָטער האָט מיך געפֿיהרט ביי דער האַנד, דורך די זעלבסט־פֿערלייקנענדע אַרבייטען פֿון מיין פּראָפֿעסיאָנעלען לעבען, ביז די שרעקענישען פֿון דיזען

אָבענד. איך האָב געפֿיהלט, אַז איך וואָלט זיך געקענט צושרייען אויף׳ן קול; מיט טרעהרען און געבעט האָב איך געזוכט צו פֿער־טרייבען די שרעקליכע בילדער און די קלאַנגען, מיט וועלכע מיין זכרון איז פֿול געווען; און דאָך, צווישען די געבעטען, האָט דאָס מיאוס׳ע געזיכט פֿון מיין פֿערברעכען מיר אַריינגעקוקט אין דער נשמה. נאָר ווען די שאַרפֿקייט פֿון דיזע געוויסענביסע האָט אָנגע־הויבען אָבשטאַרבען, איז געקומען איבער מיר אַ געפֿיהל פֿון פֿרייד. פֿון איצט אָן איז האַיד געוואָרען אַן אונמעגליכקייט; צי איך וויל צי ניט, נאָר איצט בין איך אין גאַנצען אָבגעגעבען דעם בעסערן טהייל פֿון מיין עקזיסטענץ; און, אַך, ווי איך האָב זיך דאָס געפֿרעהט מיט דיזען געדאַנק! מיט וואָס פֿאַר אַ בערייטוויליגקייט איך האָב דאָס פֿון דאָס ניי גענומען אויף זיך די בעשריינקונגען פֿון אַ נאַטירליכען לעבען! מיט וואָס פֿאַר אַן אויפֿריכטיגער ענטזאַגונג איך האָב דאָס פֿערשלאָסען די טהיר, דורך וועלכער איך פֿלעג אַזוי אָפֿט אַרויסגעהן און אַריינקומען, און צוטראָטען דעם שליסעל אונטער מיינע פֿים!

אויף מאָרגען האָט זיך פֿערשפּרייט די נייעס, אַז דער מאָרד איז ניט געבליבען אין גאַנצען אונגעזעהן, אַז האַיד׳ס שולד איז קלאָהר פֿאַר דער וועלט, און אַז דער אָפּפֿער איז געווען אַ מאַן פֿון דער הויכער געזעלשאַפֿט. עס איז ניט נור געווען אַ פֿערברעכען, עס איז אויך געווען אַ טראַגישער שגעון. איך דיינק, אַז איך בין דאַן געווען צופֿריעדען עס צו הערען; איך דיינק, איך בין געווען צופֿריעדען, וואָס מיינע בעסערע נייגונגען וועלען איצט פֿערשטאַרקט ווערען דורך דעם שרעק פֿאַר דער תליה. דזשייקעל איז איצט געווען מיין „עיר מקלט״, מיין בעהאַלטונגס-פּלאַץ; זאָל נור האַיד פּרואווען אַרויסקוקען אויף איין רגע, און די הענד פֿון אַלע מענשען וועלען זיך אויפֿהויבען איהם צו טויטען.

איך האָב בעשלאָסען אין דער צוקונפֿט צו טהאָן אַלעס מעג-ליכע, כדי צו פֿערריכטען מיין פֿערגאַנגענהייט; און איך קען עהרליך זאָגען, אַז מיין בעשלוס האָט געבראַכט געוויסע גוטע פֿרוכטען. איהר ווייסט אַליין, ווי ערנסט איך האָב געאַרבייט די לעצטע מאָ־נאַטען פֿון פֿאָריגען יאָהר צו לינדערן מענשליכע ליידען; איהר ווייסט, אַז פֿיעלעס איז געטהאָן געוואָרען פֿאַר אַנדערע, און אַז די טעג זיינען אַריבער רוהיג, כמעט גליקליך פֿאַר מיר. אויך קען איך

ווירקליך ניט זאָגען, אַז דאָס דאָזיגע וואָהלטהעטיגע און אונשולדיגע לעבען איז מיר נמאס געוואָרען; אדרבה, איך דיינק, אַז וואָס אַ טאָג ווייטער האָב איך אַלץ מעהר פערגניגען געהאַט דערפון; אָבער איך בין נאָך אימער געווען פערפלוכט מיט מיין דאָפּעלטער נאַטור; און ביסלאַכווייז האָט די נידעריגע זייט אין מיר, וועלכע איז לעצ-טענס געווען איינגעשפאַרט און געשמידט אין קייטען, אָנגעהויבען צו פאָדערן דאָס איהריגע. איך מיין ניט דערמיט צו זאָגען, אַז איך האָב געטרוימט דערפון, ווידער צו בעשאַפען האַיד'ן; דער בלויזער געדאַנק וועגען דעם וואָלט מיך געטריבען צום וואַהנזינן; נאָר אַ שטימע אין מיר האָט מיר אָנגעהויבען צורײדען זיך אַביסעל אַ שפיעל צו טהאָן מיט מיין געוויסען; און ווי אַ געהיימער זינדער האָב איך ענדליך ניט געקענט ביישטעהן דעם נסיון.

עס קומט אַ סוף צו אַלצדינג; די גרעסטע כלי ווערט ענדליך פול; און דאָס דאָזיגע קורצע נאָכגעבען צו מיין שלעכטער נאַטור האָט סוף כל סוף פערניכטעט די גלייכגעוויכט פון מיין זעעלע. און דאָך בין איך ניט געווען דערשראָקען; דאָס האָט מיר אויסגעזעהן צו זיין נאַטירליך, ווי אַ צוריקקעהר צו די אַלטע טעג, איידער איך האָב נאָך געמאַכט מיין ענטדעקונג. ס'איז געווען אַ פיינער, קלאָהרער טאָג אין יאַנואַר, נאָס אונטער די פיס, וואו דער פראָסט איז צו-גאַנגען, אָבער איבער מיין קאָפּ אַ לויטערער הימעל; און רידזשענטס פאַרק איז פול געווען מיט דעם געזאַנג פון ווינטער-פויגעלאַך און זיס מיט דעם דופט פון'ם קומענדען פריהלינג. איך בין געזעסען אויף אַ באַנק אין דעם שיין פון דער זונן; די חיה אין מיר האָט געהאַלטען אין איין ערנעהרען זיך פון דעם זכרון; מיין גייסטיגע העלפט האָט האַלב געדרעמעלט, פערשפרעכענדיג תשובה צו טהאָן, אָבער נאָך ניט גערירט געגנוג אָנצופאַנגען. נאָך אַלעם דעם, האָב איך ביי זיך געקלעהרט, בין איך דאָך ניט ערגער פון מיינע מיט-מענשען; און מיט אַ שמייכעל האָב איך אָנגעפאַנגען צו פערגלייכען מיין גוטע טהעטיגקייט מיט זייער פוילקייט, שלעכטסקייט און נאַכ-לעסיגקייט. און אין דעם זעלבען מאָמענט, ווען דיזער בעריהמערישער געדאַנק איז מיר אַריין אין קאָפּ, האָב איך דערפיהלט אַ שרעקליכע ניט-גוטקייט און אַ טויטליכען שווינדער. דאָס איז גלייך פערביי און האָט מיר איבערגעלאָזט אין אַ צושטאַנד פון אָהנמאַכט; באַלד איז

די שוואַכקייט אויך אַריבער, און איך האָב אָנגעהויבען צו פֿיהלען אַ גרויסע אומענדערונג אין דעם אָנגאַנג פֿון מיינע געדאַנקען: אַ גרעסערע דרייסטקייט, אַ פֿעראַכטונג פֿאַר געפֿאַהר, אַ הפקרות, אַזוי ווי די באַנדען פֿון פֿליכט וואָלטען מיט אַמאָל אויפֿגעלייזט געוואָרען אין מיר. איך האָב אַראָבגעלאָזט די אויגען צו דער ערד און דערזעהן, ווי מיינע קליידער היינגען ווי שמאַטעס אויף מיין פֿערקלענערטען קערפּער; די האַנד, וואָס איז געלעגען אויף מיין קניע, איז געווען צוקאָרטשעט, האָריג. איך בין ווידער אַמאָל געוואָרען עדוואַרד האַיד. מיט אַ מינוט צוריק בין איך געווען זיכער מיט דעם רעספּעקט פֿון אַלע מענשען, רייך, בעליעבט — דער טיש געגרייט פֿאַר מיר אין מיין עסס־זאַאל; און איצט בין איך געווען פֿערפֿאָלגט, אָהן אַ היים, אַ בעוואוסטער מערדער, פֿערדאַמט צו דער תליה.

מיין פֿערשטאַנד איז אַביסעל געריהרט געוואָרען, נאָר ער האָט מיך ניט אין גאַנצען פֿערלאָזען. איך האָב שוין פֿריהער אָפֿטמאָל בעמערקט, אַז אין מיין צווייטען כאַראַקטער זיינען מיינע פֿעהיגקייטען געווען שאַרפֿער ענטוויקעלט; אַזוי פֿלעגט טרעפֿען, אַז דאָרט, וואו דזשייקעל וואָלט וואהרשיינליך געפֿאַלען, האָט האַיד געוואוסט ווי אַזוי זיך צו העלפֿען. מיינע מעדיצינען זיינען געווען אין איינעם פֿון די שופֿלאָדען ביי מיר אין קאַבינעט: ווי אַזוי קען איך צוקומען צו זיי? דאָס איז געווען די פֿראַגע, וועלכע איך האָב איצט געמוזט לייזען. די טהיר פֿון דער לאַבאָראַטאָריע האָב איך אַליין פֿערשלאָסען פֿון אינעווייניג. ווען איך זאָל פּרואווען אַריינגעהן דורך'ן הויז, וואָלטען מיינע אייגענע דיענער מיך איבערגעגעבען צו דער תליה. איך האָב איינגעזעהן, אַז איך מוז זיך דאָ בענוצען מיט אַן אַנדער האַנד, און איך האָב געטראַכט וועגען לעניאָן. אָבער ווי קומט מען צו צו איהם? ווי אַזוי איבערצייגט מען איהם? אָנגענומען, אַז איך וועל זיך ווי עס איז אויסדרעהען, ניט אַרעסטירט צו ווערן אין גאַס, אָבער ווי אַזוי קום איך אַריין צו איהם אין הויז? און ווי אַזוי זאָל איך, אַן אונבעקאַנטער, אונאַנגענעהמער גאַסט, פּועל'ן ביי דעם בעריהמטען דאָקטאָר צו בערויבען דעם קאַבינעט פֿון זיין קאָלעגע, דאָקטאָר דזשייקעל? מיט אַמאָל האָב איך זיך דערמאָנט, אַז פֿון מיין אָריגינעלען כאַראַקטער איז מיר איבערגעבליבען די פֿעהיגקייט צו שרייבען מיין אייגענע האַנד־שריפֿט; און אַזוי גיך ווי דיזער שטראַהל האָט אַ שיין געטהאָן

אין מיר, איז שוין דער וועג, וועלכען איך האָב געדאַרפֿט געהן געווען בעלויכטען פֿון איין עק צום אַנדערן.

גלייך נאָכדעם האָב איך צורעכט געמאַכט מיינע קליידער, אַזוי גוט ווי איך האָב נור געקענט, גענומען אַ וואָגען און בין צוגעפֿאָהרען צו אַ האָטעל אין פּאָרטלאַנד סטריט, וואָס איך האָב גראָד געדיינקט זיין נאָמען. אַז דער קוטשער האָט מיך דערזעהן, האָט ער ניט געקענט איינהאַלטען זיין געלעכטער, וואָרים מיין אויסזעהן איז ווירקליך געווען גאַנץ קאָמיש, הגם הינטער די קליידער איז געלעגען בעהאַלטען אַ טראַגישער שיקזאַל. איך האָב אַ קריץ געטהאָן אויף איהם מיט די צייהן און געוואָרפֿען אויף איהם אַזאַ טייפֿלישען בליק, אַז דער שמייכעל איז פֿערשוואונדען פֿון זיין געזיכט — גליקליכער־ווייזע פֿאַר איהם — אָבער נאָך גליקליכער פֿאַר מיר, וואָרים נאָך אַ רגע און איך וואָלט איהם זיכער אַרונטערגעשלעפּט פֿון זיין זיץ. אַריינקומענדיג אין האָטעל, האָב איך זיך אומגעקוקט אַרום זיך מיט אַזאַ פֿינסטערן בליק, אַז די דיענער האָבען אַזש געציטערט פֿאַר שרעק; זיי האָבען קיין קוק ניט געטהאָן איינע אויף די אַנדערע אין מיין אָנוועזענהייט. מיט דער גרעסטער געהאָרכזאַמקייט האָבען זיי מיך אַריינגעפֿיהרט אין אַ בעזונדער צימער און מיר געבראַכט שרייב־געצייג. האַיד, אין געפֿאַהר פֿאַר זיין לעבען, איז געווען אַ נייע בע־שעפֿעניש פֿאַר מיר: פֿול מיט גרענצלאָזען צאָרן ביז די שטופּען פֿון מאָרד, מיט אַ ברענענדען וואונש צו פֿעראורזאַכען שמערצען. דאָך איז ער געווען כימרע, האָט געקענט בעהערשען זיין צאָרן; ער האָט פֿערפֿאַסט זיינע צוויי וויכטיגע בריעף, איינעם צו לעניאָן'ן און איינעם צו פּול'ן, און אום צו זיין פֿאָלקאָם זיכער, האָט ער זיי אַרויסגעשיקט מיט אַ בעפֿעהל, זיי צו רעקאָמאַנדירען.

דאַן איז ער געזעסען דעם גאַנצען טאָג אין צימער ביים פֿייער, בייסענדיג זיינע נעגעל; דאָרט האָט ער אויך געהאַט זיין מאָהלצייט, זיצענדיג איינער אַליין מיט זיין שרעק, דער דיענער האָט איינפֿאַך געציטערט פֿאַר זיין בליק; און ווען די נאַכט איז געקומען, האָט ער זיך געהייסען ברייננגען אַ פֿערמאַכטע קאַרעטע, אין וועלכער ער איז אַרומגעפֿאָהרען הין און צוריק איבער די גאַסען פֿון דער שטאָדט. ער, זאָג איך — כ'קען ניט זאָגען איך. אָט דאָס גיהנום'שע וועזען האָט ניט געהאַט קיין שום מענשליכעס אין זיך; קיין זאַך האָט אין

איהם ניט געלעבט אויסער מורא און האַסס. און ענדליך, ווען ער האָט גערעכענט, אַז דעם קוטשער קען די זאַך ווערן פֿערדעכטיג און איז דאַרום אַרויס פֿון וואָגען און האָט גענומען אַרומגעהן צופֿוס, אָנגעטהאָן אין זיינע אומגעלומפּערטע קליידער, ציהענדיג אויף זיך די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון די פֿערבייגעהער, — דאַן האָבען דיזע צוויי ליידענשאַפֿטען געבושעוועט אין איהם ווי אַ שטורם. שנעל איז ער געגאַנגען דורך די וויניגער בעזוכטע גאַסען, געיאָגט פֿון זיין שרעק, מורמלענדיג צו זיך אַליין, צעהלענדיג די מינוטען, וועלכע האָבען איהם נאָך אָבגעטהיילט פֿון האַלבע נאַכט. אין איין פּלאַץ האָט זיך אַ פֿרוי געווענדעט צו איהם, איהם אָנבאָטענדיג אַ שאַכטעל שוועבעלאַך, גלויב איך; ער האָט איהר דערלאַנגט אַ זעץ אין געזיכט, און זי איז אַנטלאָפֿען.

אַז איך בין געקומען צו זיך ביי לעניאָן'ן אין הויז, האָט מיך דער שרעק פֿון מיין אַלטען פֿריינד פֿילייכט אַביסעל בעריהרט, איך קען עס גענוי ניט זאָגען; נאָר יעדענפֿאַלס איז דאָס געווען ווי אַ טראָפּען פֿון ים אַנטקעגען מיין אייגענעם שרעק, מיט וועלכען איך האָב צוריקגעקוקט אויף דיזע שטונדען. אַן אומענדערונג איז פֿאָרגעקומען אין מיר. ס'איז שוין ניט געווען די מורא פֿאַר דער תליה, ס'איז געווען דער שרעק, אַז איך קען צוריק ווערן האַיד, וואָס האָט מיך איצט געמאַטערט. אַזוי ווי אין חלום האָב איך אויסגעהערט לעניאָן'ס פֿערדאַמונג; ווי אין חלום בין איך אַוועק אַהיים און האָב זיך גלייך אַריינגעלייגט אין בעט.

נאָך די פֿערמאַטערטקייט און די אָנשטריינגונגען פֿון'ם טאָג בין איך אַריינגעפֿאַלען אין אַ טיעפֿען און פֿעסטען שלאָף, וואָס זאָגאַר די שרעקליכע חלומות, וועלכע האָבען מיך געמוטשעט, האָבען ניט געקענט צושטערען. איך האָב זיך אויפֿגעכאַפּט אין דערפֿריה אַ צו־טרייסעלטער, אָבגעשוואַכט, נאָר דערפֿרישט. איך האָב נאָך געהאַסט און זיך געשראָקען פֿאַר'ן געדאַנק וועגען דער ווילדער חיה, וואָס איז געשלאָפֿען אין מיר, און נאַטירליך האָב איך ניט פֿערגעסען די שרעקליכע געפֿאַהרען פֿון'ם פֿאָריגען טאָג; אָבער איצט בין איך דאָך געווען ביי זיך אין דערהיים, נאָהענט צו מיינע מעדיצינען; און אַ דאַנקבאַרקייט פֿאַר מיין רעטונג האָט געשיינט אין מיין זעעלע, כמעט אַזוי שטאַרק ווי דער שיין פֿון האָפֿנונג.

איך בין אַזוי לאַנגזאַם אַרומגעגאַנגען אין הויף נאָך'ן פֿריהשטיק, איינאָטהמענדיג אין זיך די פֿרישקייט פֿון דער לופֿט; פּלוצלינג האָבען מיך פֿון דאָס ניי אַ פּאַק געטהאָן יענע אונבעשרייבליכע גע־פֿיהלען, וועלכע האָבען אָנגעזאָגט, אַז אַן ענדערונג קומט; און איך האָב קוים צייט געהאַט אַריינצולויפֿען צו מיר אין קאַבינעט, ווען די ליידענשאַפֿטען פֿון האַיד האָבען ווידער אָנגעהויבען שטורמען אין מיר. דאָס מאָל האָב איך געמוזט איינגעהמען אַ דאָפּעלטע דאָזע, כדי צו קומען צוריק צו זיך. אָבער וועה! אין זעקס שטונדען אַרום, ווען איך בין געזעסען און אומעטיג געקוקט אויף'ן פֿייער, האָבען זיך די ווייטאָגען אומגעקעהרט, און איך האָב ווידער אַמאָל געדאַרפֿט איינגעהמען די מעדיצין. הקיצור, פֿון יענעם טאָג אָן איז דאָס געווען אַ מין גימנאַסטיקע, און נור אונטער דער אנזאויפֿהערליכער ווירקונג פֿון דער מעדיצין האָב איך געקענט טראָגען אויף זיך די געשטאַלט פֿון דזשייקעל. אין סיי וואָס פֿאַר אַ שטונדע, בייטאָג אָדער ביינאַכט, פֿלעגען די סימפּטאָמען אָנקומען; איבערהויפּט ווען איך בין גע־שלאָפֿען, אָדער זאָגאַר איינגעדרעמעלט אויף אַ סעקונדע אין מיין שטוהל, פֿלעג איך שטענדיג ערוואַכען אַלס האַיד. אונטער דער אָנ־שטריינגונג און שלאָפֿלאָזיגקייט, צו וועלכער איך האָב זיך איצט אַליין פֿעראורטהיילט, בין איך געוואָרען אַ וועזען, אויסגעצעהרט פֿון פֿיבער, שוואַך אין קערפּער און גייסט, און כסדר בעשעפֿטיגט נור מיט איין איינציגען געדאַנק: דעם שרעק פֿאַר מיין צווייטען איך. אָבער ווען איך בין געשלאָפֿען, אָדער ווען די קראַפֿט פֿון דער מע־דיצין איז געווען צו ענדע, פֿלעג איך כמעט אָהן אַן איבערגאַנג (וואָרים די שמערצען פֿון דער פֿערוואַנדלונג זיינען געוואָרען וואָס פֿון טאָג שוואַכער) אַריינפֿאַלען אין דעם צושטאַנד, וואו שרעק און גרונדלאָזער האַס האָבען געשיינט צו זיין שטאַרקער, ווי דער שוואַכער קערפּער, וואָס האָט זיי איינגעשלאָסען. ס'האָט אויסגעזעהן אַזוי ווי האַיד'ס קרעפֿטען וואָלטען אַלץ מעהר געוואַקסען, וואָס שוואַכער און קראַנקער דזשייקעל איז געוואָרען. און דער האַס, וואָס האָט זיי איצט אָבגעטהיילט איינעם פֿון צווייטען, איז געווען גלייך אויף ביידע זייטען. ביי דזשייקעל'ן איז דאָס געווען אַ פֿראַגע פֿון לעבענס־אינסטינקט. ער האָט איצט געזעהן די פֿולע פֿערקריפּלונג פֿון דיזער בעשעפֿעניש, וועלכע האָט צוזאַמען מיט איהם געטהיילט מאַנכע

ערשיינונגען פֿון דעם בעוואוסטזיין און איז געווען אַ גלייכער יורש מיט איהם צום טויט; און אויסער דיזע באַנדען פֿון געמיינשאַפֿטליכקייט, וועלכע האָבען אָן און פֿאַר זיך געבילדעט דעם שאַרפֿסטען טהייל פון זיין שמערץ, האָט ער געדיינקט וועגען האַיד'ן, ניט קוקענדיג אויף זיין גאַנצער לעבענס־ענערגיע, ווי וועגען עטוואָס, וואָס איז ניט נור טייפֿליש, נאָר אויך אונאָרגאַניש, לעבענסלאָז. דאָס איז געווען די שוידערליכע זאַך, וואָס דער שליים פֿון דער גרוב האָט אַזוי ווי אַרויסגעגעבען פֿון זיך געשרייען און שטימען; וואָס דער פֿאָרמלאָזער שטויב האָט געלעבט, זיך בעוועגט און געזינדיגט; וואָס דאָס, וואָס איז טויט און האָט ניט קיין פֿאָרם, זאָל אויסניצען די פֿונקציאָנען פֿון לעבען. און דערצו נאָך דאָס, וואָס דיזער שרעק איז געווען צוגעקניפּט צו איהם נעהענטער ווי אַ ווייב, נעהענטער ווי אַן אויג; איז געלעגען איינגעשלאָסען אין זיין פֿלייש, וואו ער האָט איהם געהערט ברומען און געפּיהלט, ווי ער רייסט זיך געבאָרען צו ווערן; און אין יעדער שטונדע פֿון שוואַכקייט, און אין דער שטילקייט פֿון דער נאַכט, אין דעם צוטרוי פֿון שלאָף, האָט דיזער שרעק איהם בעזיעגט און איהם אַרויסגעטריבען פֿון לעבען. האַיד'ס האַס צו דזשייקעל'ן איז געווען פֿון אַן אַנדער סאָרט. זיין שרעק פֿאַר דער תליה האָט איהם אָפֿטמאָל געטריבען צו בעגעהן אַ צייטליכען זעלבסטמאָרד, כדי זיך אומצוקעהרען צוריק צו דעם צושטאַנד פֿון אַ טהייל אָנשטאָט פֿון אַ פערזאָן; אָבער ער האָט געהאַסט די נויטווענדיגקייט, ער האָט געהאַסט די האָפֿנונגסלאָזיגקייט, די פֿערצווייפֿלונג, אין וועלכער דזשייקעל איז איצט אַריינגעפֿאַלען; און אויף דזשייקעל'ס האַס צו איהם האָט ער געענטפֿערט מיט האַס. צוליעב דעם פֿלעגט ער ווי אַן אַף מיר אָבטהאָן אַלערליי שפיצלאַך, פֿלעגט מיט מיין אייגענער האַנדשריפֿט אָנשרייבען גאָט־לעסטערענדע בעמערקונגען אויף מיינע ביכער, פֿערברענען מיינע בריעף, און איינמאָל האָט ער זאָגאַר פֿערניכטעט מיין פֿאָטער'ס פּאָרטרעט; און ווען ניט זיין שרעק פֿאַר'ן טויט, וואָלט ער זיך שוין לאַנג רואינירט, כדי מיך צו רואינירען מיט איהם צוזאַמען. אָבער זיין ליעבע צום לעבען איז אונבעשרייבליך. איך געה נאָך ווייטער: איך, וואָס ביים בלויזען געדאַנק וועגען איהם ווערט מיין בלוט אין מיר פֿערגליווערט, איך האָב אויך מיטלייד מיט איהם, ווען איך דערמאָן זיך אָן דער שטאַרקייט

און פֿײַערדיגקייט, מיט װעלכער ער איז צוגעבונדען צום לעבען, זוען איך דײַנק דערפֿון, װי ער ציטערט איך זאָל איהם ניט אָבשניידען פֿון לעבען, בענעהענדיג זעלבסט־מאָרד.

ס'איז נוצלאָז, און עס פֿעהלט מיר אויך אוים צײַט, אָנצוגעהן װײַטער מיט דיזער בעשרײַבונג, אָבער גענוג צו זאָגען אָט װאָס: קײַנער האָט נאָך קײַנמאָל אַזױ ניט געליטען; אָבער זאָגאָר צו דיזע לײַדען האָב איך זיך אָנגעהויבען צוגעוואוינען, און מײַן שטראָף װאָלט געקענט אַזױ אָנגעהן פֿאַר יאָהרען, װען ניט דאָס לעצטע אונ־גליק, װאָס האָט מיר פּאַסירט און װאָס האָט מיך ענדליך אין גאַנצען אָבגעריסען פֿון מײַן אײגען געזיכט און פֿון מײַן נאַטור. דאָס זאַלץ, װאָס איך האָב בענוצט פֿאַר מײַן מעדיצין, האָט אָנגעהויבען אויס־געהן. איך האָב געמאַכט אַ פֿרישע בעשטעלונג, אָבער דאָס נײַע זאַלץ איז געװען אָהן ערפֿאָלג און האָט ניט געהאַט די נײטיגע קראַפֿט. פֿול װעט אײַך דערצעהלען, װי איך האָב איהם אַרומגעיאָגט איבער גאַנץ לאָנדאָן; אָבער ס'איז געװען אומזיסט; און איך בין איצט בענייגט צו גלויבען, אַז דאָס ערשטע זאַלץ איז ניט געװען ריין, און אַז דיזע אונבעקאַנטע אונרײנקייט האָט דאָס געגעבען דער מעדיצין די נײטיגע װירקענדע קראַפֿט.

אַ װאָך איז אַריבער און איך ענדיג איצט מײַן בעשרײַבונג אונטער דער װירקונג פֿון'ם לעצטען פֿון די אַלטע פּראָשקעס. דאָס איז אַלזאָ דאָס לעצטע מאָל (סײַדען אַ נס זאָל געשעהן), װאָס הענרי דזשייקעל קען דײַנקען זײַנע אײגענע געדאַנקען און זעהן זײַן אײגען געזיכט (אַך, װי שרעקליך פֿערענדערט עס איז!) אין שפּיגעל. אויך טאָר איך ניט אָבלײַגען דיזעס שרײַבען; װאָרים אויב מײַן ערצעהלונג איז ביז אַהער ניט פֿערניכטעט געװאָרען, איז דאָס געװען בלויז אַ גליק. אויב די מאַטערנישען פֿון דער פֿערװאַנדלונג זאָלען אָנקומען בשעת איך האַלט אין שרײַבען, װעט עס הײַד צורײַסען אויף שטיק־לאַך. נאָר אויב עס װעט פֿערבײַגעהן אַ שטיקעל צײַט נאָכדעם װי איך װעל עס האָבען געענדיגט, װעט זײַן װאונדערבאַרער עגאָאיזם און זײַן פֿאָרזיכטיגקייט דאָס װאַהרשײַנליך רעטען פֿון זײַן צאָרן. און װירקליך, דער שרעקליכער שיקזאַל, װאָס דאַרף באַלד קומען אויף אונז בײדען, האָט איהם שוין געענדערט און געבראָכען. אין אַ האַל־בע שטונדע אַרום, װען איך װעל װידער און אויף אײביג פֿערװאַנדעלט

ווערן אין דיזער פֿערהאַסטער פּערזאָן, ווייס איך, ווי אַזוי איך וועל זיצען ציטערענדיג און וויינענדיג אויף מיין שטוהל, אָדער אַרומגעהן אין שרעק און אויפֿרעגונג הין און צוריק איבער מיין צימער (מיין לעצטער ענטרינוּנגס־פּלאַץ אויף דער וועלט). וועט הײַד שטאַרבען אויף דער תּליה? אָדער וועט ער געפֿינען מוטה זיך צו בעפֿרייען אין דער לעצטער רגע? גאָט ווייס; מיר מאַכט עס ווינציג וואָס אוים; דאָס איז מיין אמת'ע שטונדע פֿון טויט, און וואָס ווייטער וועט געשעהן, איז שייך צו אַן אַנדערן, ניט צו מיר. דאָ אַלזאָ, אַוועקלייגענדיג די פֿעדער און פֿערזיגלענדיג מיין וידוי, ברייננ איך דאָס לעבען פֿון דיזען אונגליקליכען העניר דזשייקעל צו אַן ענדע.

ר. ל. סטיווענסאָן.

# מעשה'לאך.



איבערזעצט פון א. פרומקין.



# דאָס זינקענדע שיף.

„מיין הערר," האָט געזאָגט דער ערשטער אונטער־קאַפּיטאַן, אַריינלויפענדיג מיט אימפעט צום קאַפּיטאַן אין דער קאַיוטע, „דאָס שיף געהט אונטער."

„זעהר שעהן, מר. ספּאָוקער," האָט דער קאַפּיטאַן געענטפערט; „אָבער דאָס איז דאָך קיין אורזאַכע ניט אַרומצוגעהן האַלב־געראַזירט. בעדיינקט זיך אַ ווײלע, מר. ספּאָוקער, און איהר וועט זעהן, אַז קוקענדיג מיט פילאָזאָפישע אויגען, איז ניטאָ קיין שום נייעס אין אונזער לאַגע: דאָס שיף (אויב עס דאַרף איבערהויפּט אונטערגעהן) געהט שוין, קען מען זאָגען, אונטער, זינט ס'איז אַרויסגעלאָזט געוואָרען אויף'ן וואַסער."

„עס זינקט שנעל," האָט דער אונטער־קאַפּיטאַן געזאָגט, ווען ער איז צוריקגעקומען פון ראַזירען.

„שנעל, מר. ספּאָוקער?" האָט דער קאַפּיטאַן געפרעגט. „דאָס איז אַ מאָדנער אויסדרוק, וואָרים צ י י ט, פערשטעהט איהר מיך, איז בלויז אַ רעלאַטיווער בעגריעף."

„מיין הערר," האָט דער אונטער־קאַפּיטאַן געזאָגט, „כ'מיין, ס'איז קוים ווערטה די מיה זיך אַריינצולאָזען אין אַזאַ וכוח, אַז מיר וועלען דאָך אַלע אין צעהן מינוט זיין אויף'ן אָבגרונד פון ים."

„פון דעם שטאַנדפּונקט," האָט דער קאַפּיטאַן פריינדליך געענטפערט, „וואָלט קיינמאָל ניט ווערטה געווען אָנצופאַנגען וואָס פאַר עס איז וויכטיגע פאָרשונג; עס זיינען אימער דאָ זעהר פיעל שאַנסען, אַז מיר קענען נאָך שטאַרבען איידער מיר וועלען זי האָבען דורכגעפיהרט אין גאַנצען. איהר האָט ניט בערעכענט דעם מענשען'ס

לאַנגע, מר. ספּאָוקער," האָט דער קאַפּיטאַן געזאָגט שמייכלענדיג און שאָקלענדיג מיט'ן קאָפּ.

„מיין מוח איז איצט פיעל מעהר פערנומען מיט דער לאַנגע פון'ם שיף," האָט מר. ספּאָוקער געענטפערט.

„דאָס הייסט גערעדט ווי אַ גוטער בעאַמטער," האָט דער קאַ-פּיטאַן געזאָגט, אַרויפלייגענדיג זיין האַנד אויף דעם אונטער-קאַפּיטאַן'ס שולטער.

אויף'ן פערדעק האָבען זיי געפונען, אַז די מאַטראָזען האָבען זיך מיט געוואַלד אַריינגעריסען אין דעם צימער פון די שטאַרקע געטרענקען, און האָבען אָנגעהויבען אָנגעהויבען שכור'ן.

„מיינע לייט," האָט דער קאַפּיטאַן געזאָגט, „דאָס האָט דאָך קיין שום זינן ניט. דאָס שיף, ווערט איהר מיר זאָגען, געהט אונטער, און אין צעהן מינוט אַרום וועט זיין נאָך אונז אַלעמען: נו, איז וואָס? קוקענדיג מיט פילאָזאָפישע אויגען, איז נימאָ קיין שום נייעס אין אונזער לאַגע. אונזער גאַנצען לעבען לאַנג האָבען מיר געהאַלטען דערביי, אַ בלוט-אָדער זאָל ביי אונז פּלאַצען אָדער מיר זאָלען גע-טראָפען ווערן פון אַ בליץ, ניט בלויז אין צעהן מינוטען, נאָר אין צעהן סעקונדען; און דאָס האָט אונז פונדעסטוועגען ניט געשטערט צו עסען אונזער מיטאָג, ניין, דאָס האָט אונז זאָגאַר ניט אָבגעהאַלטען פון צו לייגען געלד אין דער באַנק. איך פערזיכער אייך, מיט מיין האַנד אויף'ן האַרצען, אַז איך הויב ניט אָן צו פערשטעהן אייער האַלטונג."

אָבער די מאַטראָזען זיינען שוין געווען צו וויט אַוועק, אַז זיי זאָלען זיך צוהערען צו זיינע רייד.

„דאָס איז אַ זעהר שמערצליכע סצענע, מר. ספּאָוקער," האָט דער קאַפּיטאַן געזאָגט.

„און דאָך, קוקענדיג מיט פילאָזאָפישע אויגען אָדער ווי איהר רופט עס דאָרט," האָט געענטפערט דער אונטער-קאַפּיטאַן, „קען מען זאָגען, אַז זיי האָבען שוין אָנגעהויבען שכור'ן, זינט זיי זיינען אַרויף אויף'ן שיף."

„איך ווייס ניט, צי בעגרייפט איהר אויף ריכטיג וואָס איך מיין, מר. ספּאָוקער," האָט דער קאַפּיטאַן פריינדליך געזאָגט. „נאָר לאָמיר געהן ווייטער."

אין דער פולווער־קאַמער האָבען זיי געפונען אַן אַלטען מאַטראָז, זיצענדיג און רויכערענדיג זיין פיפקע.

„גרויסער גאָט;" האָט דער קאַפּיטאַן אויסגערופען. „וואָס טהוט איהר?"

„נו, מיין הערר," האָט זיך דער אַלטער מאַטראָז פערענטפערט, „זיי האָבען געזאָגט, אַז זי געהט אונטער."

„און אָנגענומען אַז זי געהט ווירקליך אונטער?" האָט דער קאַפּיטאַן געזאָ:ט. „קוקענדיג מיט פילאָזאָפישע אויגען, איז דאָך ניטאָ קיין שום נייעס אין אונזער לאַגע. דאָס לעבען, מיין אַלטער שיף־חבר, דאָס לעבען איז, אין יעדער רגע און פון וואָס פאַר עס איז שטאַנדפונקט, אָקוראַט אַזוי געפעהרליך ווי אַ זינקענדעס שיף; און דאָך איז דאָס דעם מענשען'ס שעהנע מאָדע צו טראָגען רעגענשי־רעמס, אָנטהאָן גומענע קאַלאָשען, אָנפאַנגען געוואַלדיג גרויסע אונ־טערנעהמונגען און זיך אין יעדער הינזיכט אַזוי אויפפיהרען, אָקוראַט ווי ער וואָלט געהאַפט צו לעבען אייביג. און וואָס איז שייך צו מיר אַליין, וואָלט איך פעראַכטעט דעם מענשען, וואָס פערנאַכלעסיגט זאָגאַר אויף אַ זינקענדען שיף צו נעהמען אַ פיל אָדער אָנצודרעהען זיין זייגער. דאָס, מיין פריינד, וואָלט ניט געווען מענשליך."

„ענטשולדיגט, מיין הערר," האָט געזאָגט מר. ספּאָוקער. „אָבער וואָס איז אין גרונד גענומען דער אונטערשיעד צווישען ראַזירען זיך אויף אַ זינקענדען שיף און רויכערן אין אַ פולווער־קאַמער?"

„אָדער טהאָן סיי וואָס עס זאָל ניט זיין?" האָט אויסגעשריען דער קאַפּיטאַן. „פאָלקאָם גערעכט; גיט מיר אַ ציגאַר!"

צוויי מינוטען שפּעטער איז דאָס שיף אויפגעריסען געוואָרען מיט אַ הערליכען קראַך.

# די צוויי שוועבעלאך.

---

אַ רייזענדער איז אַמאָל דורכגעפאָהרען אין די וועלדער פון קאַליפאָרניען; ס'איז געווען די טרוקענע יאָהרעס־צייט, ווען די ריכט־ווינדען האָבען שטאַרק געבלאָזען. ער איז אָבגעפאָהרען אַ לאַנגע שטרעקע און איז געווען מיעד און הונגעריג, איז ער אַרונטער אַ ווײַלע פון זיין פערד זיך אָברוהען און רויכערן אַ ליולקע. אָבער אַז ער האָט זיך אַ טאַפּ געטהאָן אין קעשענע, האָט ער געפונען בלויז צוויי שוועבעלאַך. ער האָט אָנגעריבען איינס, און ס'האָט ניט געוואָלט ברענען.

„אָט האָסט דו דיר אַ שעהנע לאַגע!" האָט דער רייזענדער געזאָגט. „איך שטאַרב רויכערן; בלויז איין איינציג שוועבעלע; און דאָס וועט זיך זיכער ניט אָנצינדען! איז נאָך ווען געווען אַזאַ אונ־גליקליך וועזען אויף דער וועלט? און דאָך," האָט זיך דער רייזענדער געטראַכט, „לאָמיר זאָגען, איך צינד אָן דאָס דאָזיגע שוועבעלע און פעררויכער מיין ליולקע און שאָקעל אוים די הייסע אַש אָט דאָ אין גראָז — דאָס גראָז קען זיך לייכט אָנכאַפּען, וואָרים ס'איז טרוקען ווי צונטער; און בעת איך סטאַרע זיך אויסצולעשען די פלאַמען פון פאָרענט, קענען זיי זיך נאָך אויסדרעהען און אַוועקלויפען הינטער מיר, און אַרומכאַפּען יענעם וועלדעל פון גיפטיגע דעמבאָווע בוימער; איידער איך וועל קענען צוקומען אַהין, וועט שוין דאָס זיין הוילע פלאַמען; איבער'ן וועלדעל זעה איך אַ סאָסנע בעדעקט מיט מאָך; אויך זי וועט אויף'ן שטעל אַריין אין פייער ביז דעם סאַמע העכסטען צווייג איהרען; און דעם פלאַם פון דער דאָזיגער לאַנגער בראַנד־פאַקעל — ווי וועט דאָס איהם דער ריכט־ווינד אַ נעהם טהאָן און איהם פונאַנדערוויגען איבער דעם גאַנצען ענטצינדבאַרען וואַלד! איך

הער, ווי דער דאָזיגער טהאָל ליאַרעמט מיט דער פֿעראייניגטער שטימע פֿון ווינד און פֿייער. איך זעה, ווי איך גאַלאָפּיר און אַנטלויף פֿון טויט, און דאָס פֿליהענדע פֿייער יאָגט זיך נאָך מיר דורך די בערג; איך זעה, ווי אָט דער שעהנער וואַלד ברענט גאַנצע טעג נאָכאַנאַנד, און די בהמות בראָטען זיך, און די קוואַלען טריקענען אויס, און דער פֿאַרמער ווערט רואינירט, און זיינע קינדער בלייבען ווי אויף׳ן וואַסער... וואָס פֿאַר אַ גאַנצע וועלט עס הייבט אָב פֿון דעם דאָזיגען מאָמענט!"

דערביי האָט ער אָנגעריבען דאָס שוועבעלע, און ס׳האָט זיך ניט אָנגעצונדען.

„גאָט זיי דאַנק!" האָט דער רייזענדער געזאָגט, און האָט אַריינגעלייגט זיין ליולקע אין קעשענע.

# דער קראַנקער און דער פייער־מאַן.

אַמאָל איז געווען אַ קראַנקער אין אַ ברענענדען הויז, וואו ס'איז אַריינגעקומען אַ פייער־מאַן צו ראַטעווען די מענשען.

„ראַטעוועט מיך ניט," האָט דער קראַנקער געזאָגט. „ראַטעוועט בעסער די, וועלכע זיינען שטאַרק."

„ווילט איהר אַזוי גוט זיין און מיר זאָגען פאַרוואָס?" האָט גע- פרעגט דער פייער־מאַן, וועלכער איז געווען אַ פריינדליכער מענש.

„עס קען גאָר ניט זיין קיין גלייכערע זאַך דערפון," האָט דער קראַנקער געזאָגט. „די שטאַרקע דאַרפען פאָרגעצויגען ווערן אין אַלע פעלע, ווייל זיי זיינען ניצליכער פאַר דער וועלט."

דער פייער־מאַן האָט זיך פערטראַכט אַ ווייליע, וואָרים ער איז געווען אַ שטיקעל פילאָזאָף. „צוגעגעבען," האָט ער זיך ענדליך אָב- גערופען, ווען אַ טהייל פון'ם דאַך איז שוין איינגעפאַלען; „נאָר אַז מיר ריידען שוין יאָ דערפון, וואָס איז אַשטיינער, נאָך אייער מיי- נונג נאָך, דער הויפּט נוצען, וואָס די וועלט קען האָבען פון די שטאַרקע?"

„גאַנץ איינפאַך," האָט געענטפערט דער קראַנקער; „די הויפט זאַך, מיט וואָס די שטאַרקע קענען זיך ניצליך מאַכען, איז צו העל- פען די שוואַכע."

ווידער אַמאָל האָט זיך דער פייער־מאַן פערטראַכט, וואָרים דער חברה־מאַן האָט זיך קיינמאָל ניט געיאָגט. „איך וואָלט אייך נאָך געקענט מוחל זיין, וואָס איהר זייט קראַנק," האָט ער ענדליך געזאָגט, ווען אַ טהייל פון דער וואַנד איז אַרויסגעפאַלען, „אָבער איך קען ניט צוזעהן וואָס פאַר אַ נאַר איהר זייט." און דאָס זאָגענדיג

האָט ער אויפגעהויבען זיין פּייער־מאַן׳ס האַק, וואָרים ער האָט נים געוואוכט פון קיין חכמות, און האָט צוגעשלאָגען דעם קראַנקען צום בעט.

---

# דער טייוועל און דער בעל־אכסניה.

אַמאָל איז דער טייוועל אייגגעשטאַנען אין אַן אכסניה, וואו קיינער האָט איהם ניט געקענט, וואָרים זיי זיינען געווען פראָסטע, אונגעבילדעטע מענשען. ווי דער שטייגער איז האָט ער געזוכט צו טהאָן רשעות, און אַ צייט־לאַנג האָט ער אַלעמען געפיהרט פאַר דער נאָז. אָבער ענדליך האָט זיך דער בעל־אכסניה אָבגעלייגט דער־רויף נאָכצושפירען דעם טייוועל און האָט איהם געכאַפּט ביי דער האַנד.

דער בעל־אכסניה האָט גענומען אַ שטריק.

„איצט וועל איך דיר אַביסעל אָנברעכען די ביינער," האָט ער געזאָגט.

„דו האָסט קיין רעכט ניט צו זיין בייז אויף מיר," האָט דער טייוועל געזאָגט. „איך בין דאָך ניט מעהר ווי דער טייוועל, און מיין נאַטור איז צו טהאָן שלעכטס."

„ווירקליך?" האָט דער בעל־אכסניה געפרעגט.

„גאַנץ געוויס," האָט דער טייוועל געענטפערט.

„דו קענסט זיך ווירקליך ניט העלפען, און דו מוזט טהאָן שלעכטס?" האָט דער בעל־אכסניה ווידער געפרעגט.

„איך קען זיך אַבסאָלוט ניט העלפען," האָט דער טייוועל געזאָגט; „עס וואָלט געווען אַרויסגעוואָרפען צו שלאָגען אַזאַ בעשעפעניש ווי איך בין."

„עס וואָלט ווירקליך געווען אַרויסגעוואָרפען," האָט דער בעל־אַכסניה געזאָגט.

און ער האָט געמאַכט אַ פעטליע און אויפגעהאַנגען דעם טייוועל.

„אָט אַזוי!" האָט דער בעל־אַכסניה געזאָגט.

# דער בעל תשובה.

אַ מאַן האָט בעגעגענט אַ יונגעל, וואָס האָט געוויינט.

„פאַרוואָס וויינסט דו? האָט ער געפרעגט.”

„איך וויין פאַר מיינע זינד,” האָט דאָס יונגעל געענטפערט

„האָסט אַפנים ניט וואָס צו טהאָן,” האָט דער מאַן געזאָגט.

אויף מאָרגען האָבען זיי זיך ווידער אַמאָל געטראָפען. דאָס יונגעל האָט ווידער געוויינט.

„פאַרוואָס וויינסט דו איצט?” האָט דער מאַן געפרעגט.

„איך וויין, ווייל איך האָב גאָרנישט וואָס צו עסען,” האָט דאָס יונגעל געענטפערט.

„כ'האָב פערשטאַנען, אַז עס וועט קומען דערצו,” האָט דער מאַן געזאָגט.

# די געלע פארב.

---

אין אַ געוויסער שטאָדט האָט געוואוינט אַ דאָקטאָר, וועלכער פלעגט פערקויפען געלע פאַרב. אָט די פאַרב האָט געהאַט אַ מאָדנע קראַפט אין זיך, אַז ווער ס'איז נור אויסגעשמירט געוואָרען דערמיט פון קאָפ ביז די פיס, איז בעפרייט געוואָרען אויף אייביג פון די געפאַהרען פון לעבען, און פון די נעצען פון זינד, און פון דער מורא פאַר'ן טויט. אַזוי האָט געזאָגט דער דאָקטאָר אין זיין פראָספעקט; און אַזוי האָבען נאָכגעזאָגט די בירגער פון דער שטאָדט. און עס איז ניט געווען קיין דרינגענדערער וואונש ביי די מענשען אין די הערצער, ווי זיך צו לאָזען אַליין אָבפאַרבען, און זיי האָבען ניט געהאַט קיין גרעסערע פרייד, ווי צו זעהן דעם אַנדערן אָבגעפאַרבט.

אין דער זעלבער שטאָדט איז געווען אַ יונגער מאַן פון אַ זעהר אָנשטענדיגער פאַמיליע, דאָך האָט ער אַליין געפיהרט אַ הפקר־לעבען. ער האָט ניט געוואָלט וויסען פון דער פאַרב. „כ'האָב צייט ביז מאָרגען,״ פלעגט ער זאָגען; און אַז דער מאָרגען איז געקומען, האָט ער עס ווידער אָבגעלייגט. אַזוי וואָלט ער אַודאי געטהאָן ביז זיין טויט. אָבער ער האָט געהאַט אַ פריינד, אין איין עלטער מיט איהם און אַזאַ הפקר־יונג ווי ער אַליין. און איינמאָל, ווען דער דאָזיגער יונגער פריינד זיינער האָט שפּאַצירט אין גאַס אָהן אַ ברעקעל פאַרב אויף זיין קערפער, איז ער פלוצלינג איבערגעפאָהרען געוואָרען פון אַ וואַסער־וואָגען, וועלכער האָט איהם צוריבען אויף שטיקער. דאָס האָט דעם יונגען מאַן צוטרייסעלט ביז אין דער טיעפסטער טיעפעניש פון זיין נשמה; אַזוי אַז איך האָב נאָך קיינמאָל ניט געזעהן אַ מענשען, וואָס זאָל אַזוי שטאַרק וועלען אָבגעפאַרבט ווערן. און טאַקע דעם זעלבען אָבענד האָט ער געקריגען דריי פאָלשטענדיגע

מאַנטלען פֿון פֿאַרב מיט אַ לאַקירטען איבערצוג דערויף. דאָס איז געשעהן אין דער אָנוועזענהייט פֿון זיין גאַנצער פֿאַמיליע, מיט אַ קאַפעליע מוזיק, און ער אַליין האָט דערביי געוויינט אויף׳ן קול. דער דאָקטאָר (וועלכער איז אַליין געריהרט געוואָרען ביז טרעהרען) האָט ערקלעהרט, אַז ער האָט נאָך קיינמאָל ניט געמאַכט אַזאַ טיכטיגע שטיקעל אַרבייט.

אין אַ פּאָר מאָנאַטען אַרום האָט מען דעם יונגען מאַן אַריינ־געטראָגען אויף אַ בעטעל צום דאָקטאָר אין הויז.

„וואָס הייסט דאָס?” האָט ער אויסגעשריען, אַזוי גיך ווי די טהיר האָט זיך נור געעפֿענט. „איך בין דאָך בעפֿרייט געוואָרען פֿון אַלע לעבענס־געפֿאַהרען; און אָט האָט מיך יענער זעלבער וואַסער־וואָגען טאַקע איבערגעפֿאָהרען, און מיין פֿוס איז צובראָכען.”

„מיין גאָט!” האָט דער דאָקטאָר געזאָגט. „דאָס איז זעהר טרויעריג. אָבער ווי איך זעה מוז איך אייך אַביסעל בעסער ערקלעהרען די ווירקונג פֿון מיין פֿאַרב. אַ צובראָכענער פֿוס איז נאָך אַלעם דעם גאָר אַ קלייניגקייט; און עס געהערט צו דער קאַטעגאָריע פֿון אונגליקס־פֿעלע, געגען וועלכע מיין פֿאַרב קען ניט אָנגעווענדעט ווערן. זינד, מיין ליעבער יונגער פֿריינד, זינד איז דאָס איינציגע אונגליק, פֿון וועלכען אַ קלוגער מענש דאַרף זיך אויסהיטען; געגען זינד האָב איך אייך פֿערזיכערט; און ווען עס וואָלט זיך אייך אַמאָל מאַכען, אַז דער יצר הרע וועט אייך אָנריידען צו זינדיגען, דאַן וועט איהר זעהן די קראַפֿט פֿון מיין פֿאַרב.”

„אָה!” האָט דער יונגער מאַן געזאָגט, „איך האָב ניט אַזוי פֿערשטאַנען די זאַך, און דעם אמת זאָגענדיג, בין איך ענטטוישט. נאָר דאָך צווייפֿעל איך ניט, אַז אַלעס איז נור צום גוטען; און דערווייל וועל איך אייך זיין זעהר דאַנקבאַר, ווען איהר וועט מיר אויסגלייכען דעם פֿוס.”

„דאָס האָט גאָרנישט צו טהאָן מיט מיר,” האָט דער דאָקטאָר געזאָגט; „נאָר אויב אייערע לייט וועלען אייך אַריינטראָגען צום כירורג, דאָרט אין דער צווייטער גאַס, בין איך זיכער, אַז ער וועט אייך העלפֿען.”

אין אַ דריי יאָהר אַרום איז דער יונגער מאַן געקומען צו לויפֿען אַ צומישטער צום דאָקטאָר אין הויז.

„וואָס הייסט דאָס?" האָט ער אויסגעשריען. „איך בין דאָך בעפרייט געוואָרען פון אַלע נעצען פון זינד; און אָט האָב איך נור וואָס בעגאַנגען עטליכע פערברעכען מיט אַמאָל: פעלשונג, אונטער-צינדעריי און מאָרד."

„מיין גאָט," האָט דער דאָקטאָר געזאָגט, „דאָס איז זעהר ערנסט. נעהמט גלייך אַרונטער אייערע קליידער, און לאָמיך זעהן, וואָס מיט אייך טהוט זיך."

דער יונגער מאַן האָט זיך אויסגעטהאָן און דער דאָקטאָר האָט איהם אונטערזוכט פון קאָפ ביז די פיס.

„ניין," האָט ער אויסגערופען מיט אַ טאָן פון ערלייכטערונג, „קיין איין ברעקעלע איז ניט אָבגעבראָכען. זייט ניט אַזוי פערצוויי-פעלט, מיין יונגער פריינד, אייער פאַרב איז אַזוי גוט ווי ניי."

„גרויסער גאָט!" האָט דער יונגער מאַן אויסגעשריען, „אָבער נאָך וואָס נוצט עס אין גאַנצען?"

„אַה," האָט דער דאָקטאָר געזאָגט, „איך זעה, אַז איך מוז אייך אַביסעל בעסער ערקלעהרען די נאַטור פון מיין פאַרב און איהר ווירקונג. ריכטיג געזאָגט, האַלט זי ניט אָב פון זינד; נאָר זי מילדערט די שמערצליכע פאָלגען. ס'איז ניט אַזוי פאַר דער וועלט, ווי פאַר יענער; אין קורצען, ניט געגען לעבען, נאָר געגען דעם טויט האָב איך אייך פערזיכערט. און אַז איהר וועט האַלטען ביים שטאַרבען, וועט איהר מיר לאָזען וויסען וועגען מיין פאַרב."

„אָה! האָט דער יונגער מאַן אויסגערופען, „איך האָב ניט אַזוי פערשטאַנען די זאַך, און באמת גערעדט, בין איך אַביסעל ענטטוישט. נאָר מסתמא איז דאָך אַלעס צום גוטען; און דערווייל וועל איך אייך זיין זעהר דאַנקבאַר, ווען איהר וועט מיר העלפען פעררריכטען דאָס בייז, וואָס איך האָב געטהאָן אונשולדיגע מענשען."

„דאָס האָט גאָר ניט צו טהאָן מיט מיר," האָט דער דאָקטאָר געזאָגט; „נאָר אויב איהר וועט אַריבערגעהן דאָ ניט ווייט צו דער פאָליציי, בין איך זיכער, אַז עס וועט זיין פאַר אייך אַ גרויסע הילף, ווען איהר וועט זיך אַליין איבערגעבען."

אין זעקס וואָכען אַרום האָט מען דעם דאָקטאָר געשיקט רופען אין שטאָדט-געפענגניס.

„וואָס הייסט דאָס?" האָט דער יונגער מאַן געשריען. „איך בין

דאָך איינפאַך ווי אויסגעגאָסען אין אייער פּאַרב, בעדעקט דערמיט ווי מיט אַ גראָבער שאָלאַכץ; דאָך האָב איך זיך צובראָכען דעם פּוס, און בעגאַנגען אַלע מעגליכע פּערברעכען, און מאָרגען וועט מען מיך הייגגען; און דערווייל ציטער איך אַזוי שטאַרק, אַז איך האָב גאָר קיין ווערטער נים, דאָס אייך צו בעשרייבען.״

„מיין גאָט!״ האָט דער דאָקטאָר געזאָגט. „דאָס איז ווירקליך ערשטוינענד. נאַ, נאַ; ווער וויים? פּילייכט, ווען איהר וואָלט זיך נים אָבגעפּאַרבט, וואָלט איהר נאָך מעהר געציטערט.״

# די פיער רעפארמער.

פיער רעפאָרמער האָבען זיך צונויפגעטראָפען אונטער אַ קוסט פון יאַגעדעס. זיי זיינען אַלע געווען איינינ, אַז די וועלט מוז איבער-געאַנדערשט ווערן.

„מיר מוזען אָבשאַפען דאָס אייגענטהום," האָט געזאָגט איינער.

„מיר מוזען אָבשאַפען די הייראַט," האָט געזאָגט דער צווייטער.

„מיר מוזען אָבשאַפען גאָט," האָט געזאָגט דער דריטער.

„איך וואָלט געוואונשען, מיר זאָלען קענען אָבשאַפען אַרבייט," האָט געזאָגט דער פערטער.

„לאָמיר נים שפרינגען צו הויך, מיר מוזען זיך האַלטען ביי פראַקטישע פלענער," האָט געזאָגט דער ערשטער. „די ערשטע זאַך איז, אַז אַלע מענשען זאָלען זיין גלייך."

„די ערשטע זאַך," האָט געזאָגט דער צווייטער, „איז צו געבען פרייהייט צו די געשלעכטער."

„די ערשטע זאַך," האָט געזאָגט דער דריטער, „איז צו געפינען אַ וועג, ווי אַזוי עס צו טהאָן."

„דער ערשטער שריט," האָט געזאָגט דער ערשטער, „איז צו פערניכטען די ביבעל."

„דער ערשטער שריט," האָט געזאָגט דער צווייטער, „איז צו פערניכטען די געזעצען."

„דער ערשטער שריט," האָט געזאָגט דער דריטער, „איז צו פערניכטען די מענשהייט."

# דער מאַן און זיין פריינד.

אַ מאַן האָט זיך געקריגט מיט זיין פריינד.

„איך האָב זיך שרעקליך אָבגענאַרט אין דיר," האָט דער מאַן געזאָגט.

און דער פריינד האָט איהם אַרויסגעשטעקט די צונג און איז אַוועק.

אין אַ שטיקעל צייט אַרום זיינען זייביידע געשטאָרבען און זיינען צוזאַמען געקומען פאַר'ן בית דין של מעלה. ס'האָט אָנגעהויבען אויסקוקען גאַנץ שוואַרץ פאַר דעם פריינד, נאָר דער מאַן האָט אויף אַ ווײַלע געהאַט אַ ריינעם כאַראַקטער און איז געווען גוט אויפגעלייגט.

„דאָ זעה איך עפּעס אַ געשיכטע וועגען אַ קריעג," האָט זיך אָבגערופען דער אב בית דין, אַריינקוקענדיג אין זיינע נאָטיצען. „ווער פון אייך ביידען איז געווען אומגערעכט?"

„ער," האָט דער מאַן געזאָגט. „ער האָט גערעדט שלעכטס אויף מיר הינטער מיין רוקען."

„האָט ער ווירקליך אַזוי געטהאָן?" האָט דער אב בית דין געפרעגט. „און איך בעט דיך, ווי האָט ער גערעדט וועגען דיינע שכנים?"

„אָה, ער האָט אימער געהאַט אַ בייזע צונג," האָט דער מאַן געענטפערט.

„און דו האָסט איהם אויסגעקליבען פאַר דיין פריינד?" האָט אַ געשריי געטהאָן דער אב בית דין. „גוטער ברודער, קיין שוטים דאַרפען מיר דאָ ניט."

דער מאַן איז אַריינגעוואָרפען געוואָרען אין גיהנום, און דער פריינד האָט זיך צולאַכט אויף'ן קול און איז געבליבען וואַרטען אויף זיין אורטהייל.

# די קייטען.

אַזוי גיך ווי דאָס קינד האָט נור אָנגעהויבען צו ריידען, איז שוין די קייט אָנגעשלאָגען געוואָרען צו זיין פוס; און די אינגלאַך און די מיידלאַך האָבען אַרומגעהונקען בשעת׳ן שפּיעלען, אַזוי ווי די אַרעס-טאַנטען. פערשטעהט זיך, אַז עס איז געוועזען אַ גרעסערער רחמנות צוצוקוקען און אַסך שמערצליכער די קייט צו טראָגען אין דער יוגענד; אָבער זאָגאַר די ערוואַקסענע מענשען, אַחוץ דעם וואָס עס אַז זיי געוועזען זעהר אונבעקוועם און שווער זיך צו ריהרען מיט די פיס, האָבען זיי אָפט געליטען פון געשווירען.

אונגעפעהר אין דער צייט, ווען דזשעק איז אַלט געוואָרען צעהן יאָהר, האָבען אַסך פרעמדע אָנגעהויבען פערבייגעהען דורך יענעם לאַנד. ער האָט געזעהן, ווי זיי געהען זיך גאַנץ לייכט אויף די שאָ-סען, און די זאַך האָט איהם שטאַרק געוואונדערט. „איך פערשטעה גאָר ניט ווי דאָס קומט", האָט ער געפרעגט, „וואָס אָט די אַלע פרעמדע זיינען אַזוי לייכט און שנעל אויף די פיס, און מיר מוזען זיך שלעפען מיט אונזער קייט?"

„מיין ליעבער יונג," האָט געזאָגט זיין פעטער, דער רעליגיאָנס-לעהרער, „דו האָסט זיך גאָר ניט וואָס צו בעקלאָגען אויף דיין קייט, וואָרים דאָס איז די איינציגע זאַך, צוליעב וואָס עס איז נאָך ווערטה צו לעבען אויף דער וועלט. די, וואָס טראָגען ניט קיין קייטען ווי מיר, זיינען ניט גליקליך, זיינען ניט גוט, זיינען ניט אָנשטענדיג. און אַחוץ דעם מוז איך דיר זאָגען, אַז עס איז זעהר געפעהרליך צו ריידען אַזעלכע רייד. אויב דו ועסט זיך בעקלאָגען אויף דיין אייזען, וועסט דו קיין מזל ניט האָבען; און טאָמער קומט דיר חלילה אַרויף אויף׳ן געדאַנק די קייט אַרונטערצונעהמען, וועט דיך גלייך אויף׳ן שטעל טרעפען אַ דונער."

„ווי איז דאָס, זיינען גאָר ניטאָ קיין דונערס פאַר אָט די פרעמדע ?" האָט דזשעק געפרעגט.

„יופּיטער איז געדולדיג און מילד מיט די אונוויסענדע," האָט דער רעליגיאָנס־לעהרער געענטפערט.

„ביי מיין וואָרט, איך וואָלט געוועזן צופריעדענער, ווען איך בין ניט אַזוי גליקליך," האָט דזשעק געזאָגט. „וואָרים ווען איך וואָלט געבוירען געוואָרען אונוויסענד, וואָלט איך איצט אַרומגעגאַנגען פריי ; און מען קען דאָך ניט לייקענען, אַז די אייזערנע קייט איז אונבעקוועם, און דער געשוויר טהוט וועה."

„אַך !" האָט זיין פעטער אויסגערופען, „זיי ניט מקנא די אפיקורסים ! זיי פיהרען אַ טרויעריגען לעבען ! אַך, אָרעמע ברואים, ווען זיי וואָלטען נור געוואוסט, וואָס פאַר אַ גליק עס איז צו געהן אין קייטען ! אָרעמע מענשען, מיין האַרץ בלוטעט פאַר זיי. אָבער דער אמת איז, אַז זיי זיינען מיאוס'ע, שרעקליכע, פרעכע, פערוואָהרלאָזטע, עפּוש'דיגע ווילדע ברואים, באמת גאָר קיין מענשען ניט — וואָרים וואָס איז אַ מענש אָהן אַ קייט ? — און דו מוזט זיין זעהר פאָרזיכטיג, זיך ניט אָנצורירהרען אָדער ריידען מיט זיי."

נאָך דעם דאָזיגען געשפּרעך האָט דער יונגעל קיינמאָל ניט פערביינעלאָזען איינעם פון די פריי־פיסיגע אויף'ן וועג, וואו ער זאָל ניט שפּייען אויף איהם און איהם אויסרופען אַלערליי נעמען, ווי עס איז געוועזן דער שטייגער פון די קינדער אין יענער געגענד.

און עס האָט זיך געמאַכט איינמאָל, ווען ער איז אַלט געוועזן פופצעהן יאָהר, איז ער אַרויס אין וואַלד, און דער געשוויר האָט איהם שטאַרק וועה געטהאָן. ס'איז געוועזן אַ שעהנער טאָג, מיט אַ בלויען הימעל ; אַלע פייגעלאַך האָבען געזוּנגען ; נאָר דזשעק איז געוועזן פערנומען מיט זיין קראַנקען פוס. פלוצלינג האָט זיך דערהערט אַן אַנדער געזאַנג ; ס'האָט געקלונגען ווי דאָס געזאַנג פון אַ מענשען, נאָר אַסך פרעהליכער. אין דער זעלבער צייט האָט זיך אויך געהערט אַ קלאַפּעריי אָן דער ערד. דזשעק האָט פונאַנדערגעשאַרט די בלעטער פון'ם בוים ; און דאָרט אַנטקעגען זיך האָט ער דערזעהן אַ יונגעל פון זיין אייגענעם דאָרף, שפּרינגענדיג און טאַנצענדיג און זינגענדיג אין גרינעם טהאָלכעל ; און אויף'ן גראָז לעבען איהם איז געלעגען דעם טענצער'ס קייט.

„אָה!" האָט דזשעק אַ געשריי געטהאָן, „דו האָסט אַרונטער־גענומען דיין קייט!"

„אום גאָטעס ווילען, דערצעהל עס ניט דיין פֿעטער!" האָט זיך דער יונגעל געבעטען.

„אויב דו האָסט מורא פֿאַר מיין פֿעטער," האָט דזשעק געזאָגט, „פֿאַרוואָס האָסט דו קיין מורא ניט פֿאַר'ן דונער?"

„דאָס איז בלויז אַ געשיכטע, וואָס אַלטע ווייבער דערצעהלען," האָט דער אַנדערער געזאָגט. „מען דערצעהלט זי די קינדער. צעהנדליגע פֿון אונז קומען אַהער אין וואַלד און טאַנצען גאַנצע נעכט צוזאַמען, און מיר זיינען אַלע געזונד און שטאַרק."

דאָס האָט אַרויפֿגעפֿיהרט דזשעק'ן אויף טויזענד נייע געדאַנקען. ער איז געווען אַן ערנסטער בחור; ער אַליין האָט ניט געהאַט בדעה צו טאַנצען; ער האָט געטראָגען זיין קייט מוטהיג, ווי אַ מאַן, און האָט זיך געהאַלטען מיט זיין געשוויר אָהן אַ שום ביטערקייט אין האַרצען. אָבער ער האָט גאָר ניט ליעב געהאַט אָבגענאַרט צו ווערן אָדער צו זעהן, ווי אַנדערע ווערן אָבגענאַרט. האָט ער אָנגעהויבען ליגען און אָבוואַרטען די אפיקורס'ישע וואַנדערער, אויף געהיימע פלעצער, און שפעט פֿאַרנאַכט, אַזוי אַז קיינער זאָל ניט בעמערקען ווי ער רעדט מיט זיי. און אָט די וואַנדערער זיינען געווען שטאַרק פֿעראינטערעסירט אין דעם נייגעריגען יונגעל און האָבען איהם דערצעהלט גאַנץ וויכטיגע זאַכען. יופיטער, האָבען זיי געזאָגט, האָט קיינמאָל ניט געהייסען טראָגען קיין קייטען. דאָס איז געווען אַן איינפֿאַל פֿון אַ וויים־פנים'דיגער בריאה, אַ מכשף, וואָס וואוינט אין יענעם לאַנד אין דעם אַלטען, פֿערצייטיגען וואַלד. ער איז אַזוי ווי גלאָקוס, וועלכער האָט געקענט פֿערוואַנדלען זיין געשטאַלט, דאָך קען מען איהם אימער דערקענען; וואָרים ווען מען דערמאָנט איהם די קייט, האַלדערט ער ווי אַן אינדיק. ער האָט דריי לעבענס; אָבער דער דריטער קלאַפּ וואָלט געמאַכט אַ ריכטיגען סוף צו איהם; און דערמיט וואָלט זיין כשוף־הויז פֿערשוואונדען, די קייטען וואָלטען אַרונטערגעפֿאַלען פֿון די פֿיס, און די דאָרפֿסלייט וואָלטען זיך אָנגענומען ביי די הענד און געטאַנצט ווי קינדער.

און ביי אייך אין לאַנד?" פֿלעגט דזשעק פֿרעגען.

אָבער דערביי פֿלעגען די וואַנדערער מיט איינמאָל איהם לאָזען

שטעהן, אָהן אַן ענטפֿער; ביז וואַנען דזשעק האָט אָנגעהויבען גלויבען, אַז עס איז גאָר ניטאָ קיין לאַנד, וואָס איז אין גאַנצען גליקליך. אָדער, אויב עס איז יאָ דאָ, מוז דאָס זיין אַ לאַנד, פֿון וואַנען די מענשען פֿאָהרען קיינמאָל ניט אַרויס.

אָבער די געשיכטע מיט די קייטען האָט איהם קיין רוה ניט געגעבען. דאָס בילד פֿון די הינקעדיגע קינדער האָט איהם געשטאָכען אין די אויגען; די קרעכצען פֿון די, וועלכע האָבען געליטען פֿון זייערע געשווירען, האָבען איהם געריסען ביים האַרצען. און עס איז איהם ענדליך אַרויף אויף׳ן זינען, אַז ער איז געבוירען געוואָרען זיי צו בעפֿרייען.

נו, איז אין יענעם דאָרף געווען אַ שווערד, געשמידט פֿון גאָט׳ס האַנד, אויסגעקלאַפּט אויף וואולקאַן׳ס קאָוואַדלע. ס׳איז קיינמאָל ניט בענוצט געוואָרען אויסער אין טעמפּעל, אי דאָס נור די פֿלאַכע זייט דערפֿון; און ס׳איז געהאַנגען אויף אַ טשוואָק ביי דעם קאַמין פֿון׳ם רעליגיאָנס־לעהרער. איין נאַכט האָט זיך דזשעק אויפֿגעהויבען און גענומען דאָס שווערד און איז אַרויס פֿון שטוב און פֿון דאָרף אין דער פֿינסטער.

די גאַנצע נאַכט איז ער געגאַנגען אָהן אַ ציעל; און אַז עס איז געוואָרען טאָג, האָט ער בעגעגענט פֿרעמדע, וועלכע זיינען אַרויס אין די פֿעלדער. האָט ער זיך נאָכגעפֿרעגט ביי זיי אויף דעם אַלטען, פֿאַרצייטיגען וואַלד און אויף דעם מכשף׳ס הויז; און איינער האָט געזאָגט אין צפון, און דער אַנדערער אין דרום; ביז וואַנען דזשעק האָט געזעהן, אַז זיי נאַרען איהם אָב. אַזוי אַז ער איז ענדליך געפֿאַלען אויף אַ המצאה: ווען ער האָט ביי אימיצען זיך נאָכגעפֿרעגט אויף׳ן וועג, האָט ער איהם געוויזען דאָס בליצענדע, בלאַנקע שווערד; און דערביי האָט די קייט ביי דעם מאַן אויף׳ן פֿוס אַ קלונג געטהאָן און געענטפֿערט אָנשטאָט איהם; און דאָס וואָרט איז נאָך אַלץ געווען: „ווייטער, ווייטער!“ אָבער דאַן ווען די קייט האָט גערעדט, האָט דער מאַן געשפּיגען דזשעק׳ן אין פּנים, איהם געשלאָגען און איהם נאָכגעוואָרפֿען שטיינער, בשעת ער איז אַוועק; אַזוי אַז דער קאָפּ איז איהם געווען פֿול מיט וואונדען.

אַזוי איז ער צוגעקומען צו יענעם וואַלד און איז אַריינגעגאַנגען, און ער האָט דערזעהן אַ הויז אין אַ נידעריגען פּלאַץ, וואו עס האָבען

געוואַקסען שוואָמען, און די בוימער זיינען געשטאַנען געדיכט איינע לעבען די אַנדערע, און דער דאַמפּף פון'ם זומפּ האָט זיך אויפגע-הויבען אין דער לופטען ווי אַ רויך. ס'איז געווען אַ פיין הויז, און אין דערזעלבער צייט זעהר וואַקעלדיג; מאַנכע טהיילען דערפון זיינען געווען אַלט ווי די בערג און מאַנכע ניי, אַזוי ווי זיי וואָלטען ערשט נעכטען אויפגעשטעלט געוואָרען, און אַלע ניט געענדיגט; און אַרום און אַרום איז געווען אָפען, אַזוי אַז מען האָט געקענט אַריינגעהן פון וואָס פאַר אַ זייט מען האָט געוואָלט. דאָך איז דאָס הויז געווען אין גוטער אָרדנונג, און פון אַלע קוימענס איז געגאַנגען אַ רויך.

דזשעק איז אַריין דורך דער הינטערשטער זייט פון הויז; און ער איז געגאַנגען פון איין צימער אין אַנדערן. זיי זיינען אַלע געווען אָרים, אָבער דאָך אַלע טהיילוויז מעבלירט, אַזוי אַז אַ מענש האָט דאָרט געקענט וואוינען; און אין יעדען צימער האָט געברענט אַ פייער, ביי וועלכען אַ מענש וואָלט זיך געקענט אָנוואַרעמען, און אַ געגרייטער טיש, וואו ער וואָלט געקענט עסען. אָבער דזשעק האָט אין ערגעץ ניט געזעהן קיין לעבעדיגען נפש; נור עטליכע אויסגע-שטאָפּטע קערפּערס.

„דאָס איז אַ גאַסט-פריינדליך הויז," האָט דזשעק געזאָגט; „אָבער דער באָדען מוז זיין זומפּיג, וואָרים ביי יעדען טריט טהוט זיך די געביידע אַ טרייסעל."

נאָכדעם ווי ער איז אַזוי אַרומגעגאַנגען אַ שטיקעל צייט איבער'ן הויז, האָט ער אָנגעהויבען ווערן הונגעריג. דאַן האָט ער אַ קוק גע-טהאָן אויף די שפּייז, און תחילת האָט ער מורא געהאַט זיך צוריה-רען דערצו; נאָר ער האָט ענטבלויזט דאָס שווערד, און אין זיין גלאַנץ האָט איהם דאָס עסען אויסגעזעהן עהרליך און גוט. דאָס האָט איהם אַלזאָ געגעבען מוטה זיך אַנידערצוזעצען און אָבעסען, און ער איז געווען דערפרישט אין קערפּער און גייסט.

„דאָס איז דאָך אַ מאָדנע זאַך," האָט ער זיך געטראַכט, „אַז אין דעם הויז פון כשוף זאָל זיין אַזעלכע געזונדע שפּייז."

און ווי ער איז נאָך געזעסען און געגעסען, האָט זיך אין צימער בעוויזען אַ מאַן מיט דעם אָנבליק פון זיין פעטער, און דזשעק האָט זיך דערשראָקען, ווייל ער האָט גענומען דאָס שווערד. אָבער דער פעטער זיינער איז קיינמאָל ניט געווען אַזוי פריינדליך ווי איצט, און

ער האָט זיך אַנידערגעזעצט עסען מיט איהם און האָט איהם געלויבט דערפאַר וואָס ער האָט גענומען דאָס שווערד. קיינמאָל האָבען אָט די צוויי ניט פערבראַכט בעסער און אַנגענעהמער צווישען זיך, און דזשעק איז געווען פול מיט ליעבע צו דעם מאַן.

„ס'איז געוועזן זעהר גוט פון דיר," האָט זיין פעטער געזאָגט, „צו נעהמען דאָס שווערד און אַליין קומען אַהער אין דעם דאָזיגען הויז; אַ גוטער געדאַנק, און אַ מוטהיגע טהאַט. אָבער איצט ביסט דו דאָך צופריעדען, און מיר קענען געהן אָרם אין אָרם אַהיים צום מיטאָג."

„אָה ניין!" האָט דזשעק געזאָגט. איך בין נאָך גאָר ניט צופריעדען."

„וואָס הייסט!" האָט זיין פעטער אויסגערופען. „האָסט דו זיך ניט אָנגעוואַרעמט ביי דעם דאָזיגען פייער? האָט דאָס דאָזיגע עסען דיך ניט אָנגעזעטיגט?"

„איך קען ניט לייקענען, די שפייז איז גוט און געזונד," האָט דזשעק געזאָגט; „און דאָך איז דאָס קיין בעוויז ניט, אַז אַ מענש דאַרף טראָגען אַ קייט אויף'ן רעכטען פוס."

ביי די ווערטער האָט די געשטאַלט פון זיין פעטער אָנגעהויבען האָלדערן ווי אַן אינדיק.

„יופּיטער!" האָט דזשעק אויסגעשריען, „איז דאָס דער כשוף־מאַכער?"

זיין האַנד איז אַזוי ווי אָבגענומען געוואָרען און זיין האַרץ האָט זיך צונויפגעצויגען פון ליעבע צו זיין פעטער; אָבער ער האָט דאָך אויפגעהויבען דאָס שווערד און דערלאַנגט דער געשטאַלט אַ זעץ איבער'ן קאָפּ. ס'האָט זיך דערהערט אַ מורא'דיגער געשריי מיט דער שטימע פון זיין פעטער, די געשטאַלט איז אַנידערגעפאַלען אויף דער ערד, און אַ קליינע בלוטלאָזע ווייסע זאַך איז אַרויסגעלאָפען פון צימער.

דער געשריי האָט אָבגעקלונגען אין דזשעק'ס אויערן, און זיינע קניע האָבען זיך אָנגעקלאַפּט איינס אָן אַנדערן, און זיין געוויסען האָט געדונערט איבער איהם; און דאָך איז ער ביי זיך געוואָרען שטאַרק, און אין זיינע גליעדער האָט זיך דערוועקט אַ ברענענדער דורשט נאָך דעם דאָזיגען מכשף'ס בלוט. „אויב די קייטען דאַרפען אַרונטערפאַלען," האָט ער געזאָגט, „מוז איך פאַרטיג ווערן מיט

איהם, און אַז איך וועל קומען אַהיים וועל איך געפינען מיין פּעטער טאַנצענדיג."

אַזוי האָט ער זיך געלאָזט לויפען נאָך דער בלוטלאָזער זאַך. אויף'ן וועג האָט ער בעגעגענט אַ מאַן מיט דער געשטאַלט און מיט'ן אויסזעהן פון זיין פּאָטער; און דער פּאָטער זיינער איז געווען פערביטערט, און ער האָט איהם געזידעלט און איהם דערמאָנט אָן זיין פליכט און איהם געהייסען געהן אַהיים, אַזוי לאַנג ווי ס'איז נאָך צייט. „וואָרים דו קענסט נאָך זיין אין דערהיים, איידער די זונן וועט אונטערגעהן," האָט ער געזאָגט; „און דאַן וועט דיר אַלעס פערגעבען ווערן."

„גאָט ווייסט דעם אמת," האָט דזשעק געזאָגט, „כ'האָב מורא פאַר דיין צאָרן; אָבער דאָך, דיין צאָרן בעווייזט דאָך ניט, אַז אַ מענש דאַרף טראָגען אַ קייט אויף'ן רעכטען פוס."

און ביי די ווערטער האָט זיין פּאָטער'ס געשטאַלט גענומען האָלדערן ווי אַן אינדיק.

„אַך, גאָט!" האָט דזשעק אויסגעשריען; „ווידער אַמאָל דער כשוף־מאַכער."

דאָס בלוט איז איהם געלאָפען צוריק אין קערפּער און זיינע מוסקלען האָבען רעוואָלטירט געגען איהם אויס ליעבע צו זיין פּאָטער; אָבער ער האָט אויפגעהויבען דאָס שווערד און עס אַריינגעשטאָכען דער געשטאַלט אין האַרצען; און די געשטאַלט האָט אַ געשריי געטהאָן מיט דער שטימע פון זיין פּאָטער און איז אַנידערגעפאַלען אויף דער ערד; און אַ קליינע בלוטלאָזע ווייסע זאַך איז אַרויסגעלאָפען פון צימער.

דער געשריי האָט אָבגעקלונגען אין דזשעק'ס אויערן, און ס'איז איהם געוואָרען פינסטער אין די אויגען; נאָר איצט האָט זיך אין איהם אָנגעצונדען אַ ווילדער צאָרן. „איך טאָר גאָר ניט טראַכטען אפילו וועגען דעם, וואָס איך האָב געטהאָן," האָט ער געזאָגט. „איך מוז עס ענדיגען אָדער אונטערגעהן. און אַז איך וועל אַהיים קומען, בעט איך גאָט, אַז דאָס אַלעס זאָל זיין בלויז אַ חלום און איך זאָל געפינען מיין פּאָטער טאַנצענדיג."

אַזוי האָט ער זיך געלאָזט געהן ווייטער נאָך דער בלוטלאָזער זאַך, וואָס איז אַנטלאָפען; און אויפ'ן וועג האָט ער בעגעגענט די געשטאַלט פון זיין מוטער, און זי האָט געגאָסען מיט ביטערע

טרעהרען. „וואָס האָסט דו געטהאָן?" האָט זי געקלאָגט, „וואָס האָסט דו געטהאָן? אָה, קום אַהיים, דו האָסט נאָך צייט ביז שלאָפען געהן, איידער דו וועסט טהאָן נאָך מעהר שלעכטס מיר און די מייניגע; ווארים ס'איז גענוג וואָס דו האָסט געשלאָגען מיין ברודער און דיין פאָטער."

„ליעבע מוטער," האָט דזשעק געזאָגט, „ניט זוי האָב איך דאָס געשלאָגען, נאָר דעם מכשף אין זייער געשטאַלט. און אַפילו ווען עס וואָלט געווען זיי אַליין, וואָלט עס נאָך אויך ניט געווען קיין בעוויז, אַז אַ מענש דאַרף טראָגען אַ קייט אויף'ן רעכטען פוס."

און ביי די ווערטער האָט די געשטאַלט אָנגעהויבען האָלדערן ווי אַן אינדיק.

ער האָט זיך קיינמאָל ניט געקענט דערמאָהנען, ווי אַזוי דאָס איז געשעהן, נאָר ער האָט אַ דרעה געטהאָן דאָס שווערד אויף איין זייט און דורכגעשטאָכען די געשטאַלט אין מיטען; און זי האָט אַ געשריי געטהאָן מיט דער שטימע פון זיין מוטער און אַנידערגעפאַלען אויף דער ערד; און מיט דעם פאַל איז דאָס הויז פערשוואונדען פון איבער דזשעק'ס קאָפּ, און ער איז געשטאַנען איינער אַליין אין וואַלד, און די קייט איז אַרונטערגעפאַלען פון זיין פוס.

„נאַ," האָט ער געזאָגט, „איצט איז דער כשוף־מאַכער טויט און די פים זיינען מעהר ניט געשמידט." אָבער די געשרייען האָבען איהם צוריסען דאָס האַרץ, און דער טאָג איז געווען פאַר איהם ווי נאַכט. „דאָס איז געווען אַ שמערצליכע געשיכטע," האָט ער געזאָגט. „לאָמיך אַקאָרשט אַרויסגעהן פון וואַלד און זעהן דאָס גוטע, וואָס איך האָב געטהאָן פאַר אַנדערע."

ער האָט גערעכענט איבערצולאָזען די קייט, נאָר ווען ער איז שוין אָבגעגאַנגען אַ פּאָר טריט, האָט ער געביטען זיין מיינונג. ער האָט זיך אומגעקעהרט און גענומען די קייט און זי אַריינגעלייגט צו זיך אין בוזים; און דאָס גראָבע אייזען האָט איהם געריבען דאָס לייב, בשעת ער איז געגאַנגען, און זיין בוזים האָט געבלוטעט.

און אַז ער איז אַרויסגעקומען פון וואַלד אויף'ן שאָסע, האָט ער בעגעגענט מענשען, וועלכע זיינען געגאַנגען צוריק פון פעלד; און די, וואָס ער האָט בעגעגענט, האָבען ניט געטראָגען קיין קייט אויף'ן רעכטען פוס, נאָר זעה! זיי האָבען געהאַט אַ קייט אויף'ן לינקען פוס. דזשעק האָט זיי געפרעגט, וואָס דאָס מיינט; און זיי

האָבען געענטפֿערט: „דאָס איז דער נייער וועג ווי אַזוי צו טראָגען די קייט; דער אַלטער ווערט איצט בעטראַכט פֿאַר אַן אַבערגלויבען.״ דאַן האָט ער זיך צוגעקוקט צו זיי פֿון דער נאָהענט; און זיי האָבען געהאַט אַ נייעם געשוויר אויף׳ן לינקען פֿוס, און דער אַלטער אויף׳ן רעכטען האָט זיך נאָך ניט געהאַט פֿערהיילט.

„אַך, זאָל מיר גאָט מוחל זיין!״ האָט דזשעק אויסגעשריען. „איך וואָלט שוין וועלען זיין אין דער היים.״

און אַז ער איז געקומען אַהיים איז זיין פֿעטער געלעגען מיט אַ צופלעטען קאָפּ, און זיין פֿאָטער מיט אַ טיעפֿען שניט אין האַרצען, און זיין מוטער דורכגעשטאָכען דורך דער ברוסט. און ער איז געזעסען אין דעם איינזאַמען הויז און געוויינט לעבען די קערפערס.

# דער לעזער.

„איך האָב נאָך קיינמאָל ניט געלייענט אַזאַ אפיקורס'ישען בוך," האָט דער לעזער געזאָגט, עס אַ וואָרף טהאָנדיג אָן דער ערד.

„האָסט זיך ניט, וואָס צו וואַרפען מיט מיר," האָט געזאָגט דאָס בוך. „ערשטענס וועסט דו פאַר מיר אין טאַנדעט קריגען ווייניגער ווי דו האָסט בעצאָהלט, און צווייטענס, האָב איך זיך דאָך אַליין ניט געשריבען."

„דאָס איז אמת," האָט דער לעזער געזאָגט. „איך בין בלויז אין כעס אויף דיין פערפאַסער."

„אָה, אויף איהם?" פרעגט דאָס בוך. „ווער הייסט דיר קויפען זיין שרייבעריי?"

„דאָס איז אויך אמת," זאָגט דער לעזער. „אָבער איך האָב איהם געהאַלטען פאַר אַזאַ פרעהליכען שרייבער."

„און דאָס איז ער, גלויב איך," האָט געזאָגט דאָס בוך.

„דאַן מוזסט דו אַוראי זיין אַנדערש געמאַכט ווי איך," האָט געזאָגט דער לעזער.

„לאָמיך דיר דערצעהלען אַ מעשה'לע," רופט זיך אָב דאָס בוך. „צוויי מענשען האָבען זיך אַמאָל פון אַ צובראָכענעם שיף געראַטעוועט און זיינען אַרויף אויף אַ וויסטען אינזעל; איינער פון זיי האָט זיך דאָרט געפיהלט ווי ביי זיך אין דערהיים, דער אַנדערער האָט צוגעגעבען—"

„אָה, איך קען אָט דעם סאָרט מעשה'לאַך," האָט דער לעזער געזאָגט. „זיי זיינען מסתמא ביידע געשטאָרבען?"

„נו, פערשטעהט זיך," האָט דאָס בוך געענטפערט. „זיי זיינען געשטאָרבען. און אַלע אַנדערע אויך."

„דאָס איז אמת," האָט דער לעזער געזאָגט. „מאַך עס אַביסעל שנעלער. און אַז זיי זיינען אַלע געווען טויט?"

„זיינען זיי געווען ביי גאָט אין די הענד, פונקט ווי פריהער," האָט געענטפערט דאָס בוך.

„אַ גליק האָט זיי געטראָפן!" האָט אויסגעשריען דער לעזער.

„נו, ווער איז דער אפיקורס?" האָט געפרעגט דאָס בוך.

און דער לעזער האָט איהם אַריינגעוואָרפן אין פייער.

---

# דער בירגער און דער וואנדערער.

„איהר זעהט, וואו איהר געפינט זיך דאָ," האָט דער בירגער געזאָגט. דאָס איז דער גרעסטער מאַרק אין דער וועלט."

„אַך, געוויס ניט," האָט דער וואַנדערער געזאָגט.

„נאַ, פּילייכט ניט דער גרעסטער," האָט געזאָגט דער בירגער, „אָבער יעדענפאַלס דער בעסטער."

„איהר האָט אַ גרויסען טעות," האָט דער וואַנדערער געזאָגט. „איך קען אייך פערזיכערן..."

זיי האָבען בעגראָבען דעם פרעמדען אין דער פינסטער.

# דער פרעמדער פון אן אנדער וועלט.

אַמאָל איז אַראָבגעקומען אויף דער ערד אַ גאַסט פון אַ שכנות'-
דיגען פּלאַנעט. און דאָרט, וואו ער האָט זיך אַרונטערגעלאָזט, האָט
איהם אָבגעוואַרט אַ גרויסער פילאָזאָף, וועלכער האָט געדאַרפט
אַרומגעהן מיט איהם און איהם ווייזען אַלצדינג.

קודם כל זיינען זיי דורכגעגאַנגען דורך אַ וואַלד, און דער פרעמ-
דער האָט אַ קוק געטהאָן אויף די ביימער.

„וועמען האָבען מיר דאָ?" האָט ער געפרעגט.

„דאָס זיינען בלויז פּלאַנצען," האָט דער פילאָזאָף געענטפערט.

„זיי לעבען, אָבער זיי זיינען גאָר ניט אינטערעסאַנט."

„איך ווייס ניט פאַרוואָס," האָט זיך דער פרעמדער אָבגערופען.
„זיי זעהען אויס צו זיין זעהר אָנשטענדיג. ווי איז דאָס, זיי ריידען
קיינמאָל ניט?"

„עס פעהלט זיי די פעהיגקייט דערצו," האָט געענטפערט דער
פילאָזאָף.

„דאָך דיינק איך, אַז איך הער זיי זינגען," האָט דער אַנדערער
געזאָגט.

„דאָס איז נור דער ווינד צווישען די בלעטער," האָט געזאָגט
דער פילאָזאָף. „איך וועל אייך ערקלעהרען די טהעאָריע פון די ווינדען:
ס'איז זעהר אינטערעסאַנט."

„נאַ," האָט זיך אָבגערופען דער פרעמדער, איך וואָלט גערן
געוואָלט וויסען, וואָס זיי דיינקען."

זיי קענען ניט דיינקען ," האָט דער פילאָזאָף געזאָגט.

„דאָס איז נאָך אַ גרויסע פראַגע," האָט זיך אָבגערופען דער

פּרעמדער! און דאַן אַרויפֿפֿליִיענדיג זיין האַנד אויף אַ שטאַם פֿון אַ בוים, האָט ער געזאָגט: „אָט די מענשען געפֿעלען מיר זעהר."

„דאָס זיינען דאָך גאָר קיין מענשען ניט," האָט דער פֿילאָזאָף געזאָגט. „קומט וויטער."

דאַן זיינען זיי פֿערבייגעגאַנגען אַ לאָנקע, וואו עס זיינען געווען קיה.

„דאָס זיינען זעהר שמוציגע מענשען," האָט זיך אָבגערופֿען דער פּרעמדער.

„זיי זיינען גאָר קיין מענשען ניט," האָט דער פֿילאָזאָף געזאָגט; און ער האָט ערקלעהרט, וואָס אַ קוה איז אין וויסענשאַפֿטליכע ווערטער, וועלכע איך האָב פֿערגעסען.

„דאָס איז מיר אַלצאיינס," האָט געזאָגט דער פּרעמדער. „אָבער פֿאַרוואָס קוקען זיי קיינמאָל ניט אַרויף?"

„ווייל זיי זיינען גראָז־פֿרעסער," האָט דער פֿילאָזאָף געענטפֿערט; „און צו לעבען אויף גראָז, וואָס איז ניט שטאַרק נאַהרהאַפֿט, פֿאָדערט זיך אַזאַ אויפֿמערקזאַמקייט, אַזוי פֿיעל אַריינגעטהאָנקייט, אַז זיי האָבען קיין צייט ניט צו דיינקען, אָדער ריידען, אָדער אַרויפֿקוקען אין דער הויך, אָדער זיך האַלטען ריין."

„נאַ," האָט זיך אָבגערופֿען דער פּרעמדער, „אָהן צווייפֿעל, דאָס איז אויך אַ וועג ווי אַזוי צו לעבען. אָבער איך ציה פֿאָר די לייט מיט די גרינע קעפּ."

דערנאָך זיינען זיי אַריינגעקומען אין אַ שטאָדט, און די גאַסען זיינען געווען פֿול מיט מענער און פֿרויען.

„אָט די זיינען עפּעס גאָר מאָדנע מענשען," האָט דער פּרעמדער געזאָגט.

„זיי זיינען די מענשען פֿון דער גרעסטער נאַציאָן אין דער וועלט," האָט געזאָגט דער פֿילאָזאָף.

„ווירקליך, די מענשען פֿון דער גרעסטער נאַציאָן אין דער וועלט?" האָט ווידערהאָלט דער פּרעמדער. „זיי קוקען עס גאָר ניט אויס."

---

# דער שלעפּ־פערד און דער זאטעל־פערד.

צוויי שלעפּ־פערד, אַ זשרעבעץ און אַ שקאַפּע, זיינען געבראַכט געוואָרען קיין סאַמאַאַ און אָבגעלאָזט געוואָרען אויף דעם זעלבען פעלד מיט אַ זאָטעל־פערד, אַרומצולויפען פראַנק און פריי איבער'ן אינזעל. זיי האָבען מורא געהאַט צוגעהן נאָהענט צו איהם, וואָרים זיי האָבען געזעהן, אַז ער איז אַ זאָטעל־פערד און גערעכענט, אַז ער וועט ניט וועלען ריידען צו זיי.

נו, און דער זאָטעל־פערד ווידער האָט קיינמאָל ניט געזעהן אַזעלכע גרויסע ברואים. „זיי מוזען אַודאי זיין גרויסע שררות," האָט ער זיך געטראַכט און איז צוגעגאַנגען צו זיי מיט דרך ארץ.

„מיין דאַמע און העדר," האָט ער געזאָגט, „ווי איך פערשטעה, קומט איהר פון די קאָלאָניעס. איך גיב אייך דאָ איבער מיינע אינערליכסטע ווינשע און זאָג אייך אַ האַרציגען ווילקאָמען צו די אינזלען."

די קאָלאָניאַלען האָבען אַ קוק געטהאָן אויף איהם פון דער זייט, און האָבען זיך בעראַטהען איינער מיט'ן אַנדערן.

„ווער קען ער זיין?" האָט זיך אָבגערופען דער זשרעבעץ.

„ער זעהט מיר עפּעס אויס צו העפליך," האָט די שקאַפּע געזאָגט.

„כ'מיין, ער דאַרף ניט זיין קיין טייערע מציאה," האָט געזאָגט דער זשרעבעץ.

„מענסט זיכער זיין, ער איז ניט מעהר ווי אַ קאַנאַקען־פערד," האָט געזאָגט די שקאַפּע.

דאַן האָבען זיי זיך אויסגעדרעהט צו איהם.

דער שלעפ-פֿערד און דער זאָטעל-פערד.

„געה זום טייוועל!" האָט געזאָגט דער זשרעבעץ.

„איך פֿארשטעה גאָר ניט, ווי נעהמט זיך צו אייך די חוצפה צו ריידען צו זועלכע גרויסע לייט ווי מיר זיינען!" האָט געשריען די שקאַפע.

דער זאָטעל־פֿערד איז אַוועק אַ פֿערשעהמטער.

„איך בין גערעכט געווען," האָט ער געזאָגט צו זיך אַליין, „זיי זיינען גרויסע שררות."

# דער פראש־ווארים און די זשאב.

„מעגסט זיך שעהמען,“ האָט געזאָגט די זשאַבע. ווען איך בין געווען אַ פראָש־וואָרים, האָט איך ניט געהאַט קיין עק
„אָט דאָס האָב איך טאַקע געטראַכט!“ האָט געענטפערט דער פראָש־וואָרים. „דו ביזט קיינמאָל ניט געווען קיין פאָש־וואָרים.“

## גלויבען, האלבער גלויבען און גאר קיין גלויבען ניט.

---

אַמאָל, אין די אַלטע צייטען האָבען זיך דריי מענער אַרויסגע-לאָזט אויף אַ הייליגע וואַנדערונג; איינער איז געווען אַ פריסטער, און איינער איז געווען אַ טוגענדהאַפטע פערזאָן, און דער דריטער איז געווען אַן אַלטער וואַגאַבונד מיט זיין האַק.

אויף'ן וועג, געהענדיג, האָט דער פריסטער גערעדט וועגען די יסודות פון'ם גלויבען.

„מיר געפינען די בעווייזע פאַר אונזער רעליגיאָן אין די שאַפונגען פון דער נאַטור," האָט ער געזאָגט, און האָט זיך אַ קלאַפ געטהאָן אין דער ברוסט.

„דאָס איז אמת," האָט געזאָגט דער טוגענדהאַפטער מאַן.

„די פאַווע האָט אַ שוואַכע שטימע," האָט געזאָגט דער פריס-טער, „ווי ס'איז אימער ערקלעהרט געוואָרען אין אונזערע ביכער. וואָס פאַר אַ חיות!" האָט ער אויסגערופען מיט אַ שטימע, ווי איינער, וואָס וויינט. „וואָס פאַר אַ דערקוויקונג!"

„איך דאַרף ניט האָבען אַזעלכע בעווייזע," האָט געזאָגט דער טוגענדהאַפטער מאַן.

„דאַן האָסט דו ניט קיין פערנינפטיגען גלויבען," האָט דער פריסטער געענטפערט.

„גרוים איז דאָס רעכט, און דאָס רעכט וועט הערשען!" האָט געזאָגט דער טוגענדהאַפטער מאַן. „עס איז דאָ בעשטענדיגקייט און טרייהייט אין מיין זעעלע; זיי זיכער, אָ ד י ן*) איז און בלייבט בעשטענדיג און טריי."

---

*) „אָדין" איז דער גאָט פון דער סקאַנדינאַווישער מיטהאָלאָגיע, דער פרינציפ פון אַלע גוטע מדות.

„דאָס זיינען בלויז וואָרט־שפּיעלערייען," האָט געענטפערט דער פּריסטער. „אַ גאַנצער זאַק מיט אַזעלכע פּוסטע פּראַזען איז גאָרנישט אַנטקעגען דער פּאַווע."

גראָד דאַן זיינען זיי פאַרבייגעגאַנגען דורך אַ לאַנד־גוט, וואו אַ פּאַווע איז געזעסען אויף אַ גדר; און דער פויגעל האָט אויפגע־עפענט זיין מויל און געזונגען מיט דער שטימע פון אַ נאַכטיגאַל.

„וואָס הערט זיך עפּעס איצט?" האָט דער טוגענדהאַפטער מאַן געפרעגט. „און דאָך מיך ריהרט עס ניט! גרויס איז דער אמת, און דער אמת וועט הערשען!"

„כאַפּט דער טייוועל אָט די פּאַווע!" האָט געזאָגט דער פּריס־טער; און ער איז געווען דערשלאָגען פאַר אַ מייל אָדער צוויי.

אָבער באַלד זיינען זיי צוגעקומען צו אַ פּלאַץ, וואו אַ פאַקיר האָט געצייגט זיינע וואונדער.

„אַה!" האָט זיך אָבגערופען דער פּריסטער, „דאָ זיינען די אמת'ע יסודות פון דעם גלויבען. די פּאַווע איז נור געווען אַ ביילוי־פיגער בעוויז. דאָס איז דער באַזיס פון אונזער רעליגיאָן." און ער האָט זיך געקלאַפּט אין דער ברוסט און געקרעכצט, אַזוי ווי איינער, וואָס האָט בויך־ווייטאָג.

„פאַר מיר," האָט דער טוגענדהאַפטער מאַן געזאָגט, „האָט דאָס אַלעס אַזוי ווייניג בעדייטונג ווי די פּאַווע. איך גלויב, ווייל איך זעה, אַז דאָס רעכט איז גרויס און מוז הערשען; און דער דאָזיגער פאַקיר קען ווייזען זיינע קונצען פון היינט ביז טויזענד יאָהר, און דאָס וועט ניט נעהמען אַ מאַן ווי מיך."

אָבער ביי די ווערטער איז דער פאַקיר געווען אַזוי צוקאָכט, אַז זיין האַנד האָט אָנגעהויבען ציטערן; און — נאַ דיר! אין רעכטען מיטען פון אַ וואונדער זיינען איהם אַרויסגעפאַלען די קאָרטען פון אַרבעל.

„וואָס הערט זיך עפּעס איצט?" האָט געפרעגט דער טוגענד־האַפטער מאַן. „און דאָך מיך ריהרט עס ניט!"

„כאַפּט דער טייוועל דעם פאַקיר!" האָט אויסגעשריען דער פּריסטער. „איך זעה ווירקליך ניט, וואָס פאַר אַ נוצען עס האָט צו געהן ווייטער אויף דער דאָזיגער הייליגער וואַנדערונג."

„נור קיין מוטה ניט פערלירען!" האָט איהם געטרייסט דער

טוגענדהאַפטער מאַן. „גרוים איז דאָס רעכט, און דאָס רעכט וועט הערשען!"

„ביזט דו וויינינגסטענס זיכער, אַז עס וועט הערשען?" האָט דער פריסטער געזאָגט.

„איך גיב מיין וואָרט דערויף," האָט געענטפערט דער טוגענד-האַפטער מאַן.

דאַן האָט דער פריסטער אָנגעהויבען געהן ווייטער מיט אַ לייכטערן האַרצען.

ענדליך איז איינער געקומען צו לויפען און האָט זיי דערצעהלט, אַז אַלעס איז פערפאַלען: אַז די מעכטע פון פינסטערניש האָבען בעלאַגערט דעם הימלישען פּאַלאַץ, אַז אָ ד י ן מוז שטאַרבען און דער בייזער גייסט וועט טריאומפירען.

„איך האָב זיך מיאוס אָבגענאַרט," האָט אויסגעשריען דער טו-גענדהאַפטער מאַן.

„אַלעס איז פערלאָרען," האָט געזאָגט דער פריסטער.

„ווער וויים, צי ס'איז ניט צו שפעט זיך איבערצובעטען מיט'ן טייוועל?" האָט געזאָגט דער טוגענדהאַפטער מאַן.

„אָה, איך האָף אַז ניט," האָט דער פריסטער געענטפערט. „און יעדענפאַלס קענען מיר דאָך פּרובירען. אָבער וואָס דיינקסט דו צו טהאָן מיט דיין האַק?" האָט ער זיך געווענדעט צו דעם אַלטען וואַגאַבונד.

„איך געה שטאַרבען מיט אָדין," האָט דער וואַגאַבונד געענטפערט.

~~~~~~~~~~
~~~~~~~~~~

# דער פראביר־שטיין.

דער קעניג איז געווען אַ מאַן, וואָס האָט געהאַט אַ גוטען נאָמען אין דער וועלט; זיין שמייכעל איז געווען זיס ווי צוקער, אָבער זיין זעעלע אינעווייניג איז געווען אַזוי קליין ווי אַן אַרבעס. ער האָט געהאַט צוויי זיהן; און דער יונגערער זוהן איז געווען אַ יונגעל נאָך זיין האַרצען נאָך, אָבער דער עלטערער איז געווען אַ בחור, פֿאַר וועמען ער האָט מורא געהאַט. נו, האָט געטראָפֿען, אַז איין פֿריה־מאָרגען האָט זיך אין שלאָס דערהערט אַ פּויקערייַ נאָך איידער ס'איז טאָג געוואָרען; און דער קעניג איז אַרויסגעריטען מיט זיינע צוויי זיהן, און אַ מוטהיגע מחנה הינטער זיי. זיי זיינען געפֿאָהרען צוויי שטונדען און זיינען צוגעקומען צו דעם פֿוס פֿון אַ ברוינעם באַרג, וואָס איז געווען זעהר שיעף.

„וואָהין פֿאָהרען מיר?" האָט געפֿרעגט דער עלטערער זוהן.

„אַריבער דעם דאָזיגען ברוינעם באַרג," האָט דער קעניג געענטפֿערט און געשמייכעלט צו זיך אַליין.

„מיין פֿאָטער ווייסט, וואָס ער טהוט," האָט געזאָגט דער יונגערער זוהן.

און זיי זיינען געפֿאָהרען נאָך צוויי שטונדען און זיינען צוגעקומען צו די זייטען פֿון אַ שוואַרצען טייך, וואָס איז געווען וואונדערבאַר טיעף.

און וואוהין פֿאָהרען מיר איצט?" האָט דער עלטערער זוהן געפֿרעגט.

„אַריבער דעם דאָזיגען שוואַרצען טייך," האָט דער קעניג געענטפֿערט און געשמייכעלט צו זיך אַליין.

„מיין פּאָטער ווייסט, וואָס ער טהוט," האָט געזאָגט דער יונ־גערער זוהן.

און זיי זיינען געפּאָהרען דעם גאַנצען טאָג, און ביי זונען־אונטערגאַנג זיינען זיי צוגעקומען צו דעם ברעג פון אַן אָזיערע. וואו עס איז געשטאַנען אַ גרויסער שלאָס.

„אָט אַהער פּאָהרען מיר," האָט זיך אָבגערופען דער קעניג; „צו דעם הויז פון אַ קעניג און אַ פּריסטער, און אַ הויז, וואו איהר וועט פיעל לערנען."

ביי די טויערן פון שלאָס איז זיי דער קעניג, וואָס איז געווען אַ פּריסטער, אַנטקעגען געקומען; און ער איז געווען אַן ערנסטער מאַן, און ביי זיין זייט איז געשטאַנען זיין טאָכטער, און זי איז געווען אַזוי שעהן ווי דער מאָרגענשטערן, און זי האָט געשמייכעלט און געהאַלטען די אויגען אַראָבגעלאָזט צו דער ערד.

„דאָס זיינען מיינע צוויי זיהן," האָט זיך דער ערשטער קעניג אָבגערופען.

„און דאָס איז מיין טאָכטער," האָט געזאָגט דער קעניג, וואָס איז געווען אַ פּריסטער.

„זי איז אַ וואונדערבאַר פיין מיידעל," האָט דער ערשטער קעניג געזאָגט, „און מיר געפעלט ווי זי שמייכעלט."

„זיי זיינען וואונדערבאַר פיין־געוואַקסענע יונגען," האָט געזאָגט דער צווייטער, „און מיר געפעלט זייער ערנסטקייט."

און דאַן האָבען די צוויי קעניגע אַ קוק געטהאָן איינער אויף'ן אַנדערן און געזאָגט:

„ס'קען זיין, עס זאָל עפּעס ווערען דערפון."

און דערווייל האָבען די צוויי בחורים געכאַפּט אַ קוק אויף'ן מיידעל, און איינער איז געוואָרען בלאַס און דער אַנדערער רויט; און דאָס מיידעל האָט אַרונטערגעקוקט צו דער ערד שמייכלענדיג.

„דאָ איז דאָס מיידעל, וואָס איך וועל הייראַטהען," האָט זיך אָבגערופען דער עלטערער. „וואָרים איך מיין, אַז זי האָט געשמייכעלט צו מיר."

אָבער דער יונגערער האָט אַ ציה געטהאָן דעם פאָטער ביים אַרבעל. „פאָטער," האָט ער געזאָגט, „אַ וואָרט דיר אין אויער. אויב איך געפין חן ביי דיר אין די אויגען, וואָלט איך ניט געקענט חתונה

האָבען מיט'ן מיידעל? וואָרים איך מיין, אַז זי האָט נעשמייכעלט צו מיר.

„און אַ וואָרט דיר אין אויער," האָט געזאָגט זיין פֿאָטער דער קעניג. „דער בעסטער יעגער איז דער, וואָס האָט געדולד, און אַז די צייהן זיינען פֿערמאַכט, איז די צונג ווי ביי זיך אין דערהיים."

איצט זיינען זיי אַריינגעקומען אין שלאָס און האָבען געגעסען און געטרונקען; און עס איז געווען אַ גרויס הויז, אַזוי אַז די יונג־לאַך זיינען געוואָרען ערשטוינט; און דער קעניג, וואָס איז געווען אַ פריסטער, איז געזעסען ביים עק פֿון טיש און האָט גאָרנישט גערעדט, אַזוי אַז די יונגלאַך האָבען געקוקט אויף איהם מיט עהרפֿורכט; און דאָס מיידעל האָט זיי בעדיענט, שמייכלענדיג מיט אַרונטערגעלאָזטע אויגען, אַזוי אַז זייערע הערצער זיינען צוגאַנגען פֿאַר פֿרייד.

פֿאַרטאָג איז דער עלטערער זוהן אויפֿגעשטאַנען און האָט גע־פֿונען די יונגפֿרוי ביי איהר וועבעריי, וואָרים זי איז געווען אַ פֿלייסיג מיידעל.

„יונגפֿרוי," האָט ער געזאָגט, „איך וואָלט גערן וועלען חתונה האָבען מיט דיר."

„דו מוזסט רעדען מיט מיין פֿאָטער," האָט זי געזאָגט, און שמייכלענדיג האָט זי אַראָבגעקוקט צו דער ערד און איז געוואָרען ווי די רויז.

„איהר האַרץ איז מיט מיר," האָט געזאָגט דער עלטערער זוהן, און זינגענדיג איז ער אַרונטער צו דער אָזיערע.

אין אַ ווײַלע אַרום איז געקומען דער יונגערער זוהן.

„יונגפֿרוי," האָט ער געזאָגט, „אויב אונזערע פֿאָטערס וועלען זיין איינפֿערשטאַנען, וואָלט איך זעהר וועלען חתונה האָבען מיט דיר."

„דו קענסט רעדען מיט מיין פֿאָטער," האָט זי געענטפֿערט; און שמייכלענדיג האָט זי אַראָבגעקוקט צו דער ערד און איז געוואָרען ווי די רויז.

„זי איז אַ געהאָרכזאַמע טאָכטער," האָט דער יונגערער זוהן געזאָגט, „זי וועט אויך זיין אַ געהאָרכזאַמע פֿרוי." און דאַן האָט ער זיך געטראַכט: „וואָס זאָל איך טהאָן?" און ער האָט זיך דערמאָנט, אַז דער קעניג איהר פֿאָטער איז אַ פריסטער, איז ער אַוועק אין טעמפעל און האָט געבראַכט אַ קרבן: אַ וויזעל־טהיער און אַ האָז.

באַלד איז די נייס בעקאַנט געוואָרען; און די צוויי בחורים און דער ערשטער קעניג זיינען פאָרגערופען געוואָרען פאַר דעם קעניג, וואָס איז געווען אַ פריסטער, וואו ער איז געזעסען אויבען־אָן אויף זיין הויכען טראָהן.

„איך האָב וויניג נוצען פאַר קליידער," האָט געזאָגט דער קעניג, וואָס איז געווען אַ פריסטער, „און וויניג נוצען פאַר מאַכט. וואָרים מיר לעבען דאָ אין שאָטען פון די זאַכען, און דאָס האַרץ איז איבערדריסיג זיי צו זעהן. און מיר געפינען זיך דאָ אַנטקעגען ווינד, אַזוי ווי קליידער וואָס טריקענען זיך, און דאָס האַרץ איז מיעד פון ווינד. אָבער איין זאַך האָב איך ליעב, און דאָס איז די וואַהרהייט; און פאַר איין זאַך וועל איך געבען מיין טאָכטער, און דאָס איז דער פראָביר־שטיין. וואָרים אין'ם ליכט פון דעם דאָזיגען שטיין פערשווינדט דאָס שיינענדע, און דאָס ווירקליכע, די עצם זאַך בעווייזט זיך, און אַלצדינג אויסער דעם איז גאָרנישט ווערטה. דערום, מיינע יונגען, אויב איהר ווילט הייראַטהען מיין טאָכטער, לאָזט זיך אַרויס אין וועג און בריינגט מיר דעם פראָביר־שטיין, וואָס דאָס איז דער פרייז פאַר איהר."

„אַ וואָרט דיר אין אויער," האָט זיך דער יונגערער זוהן שטי־לערהייט אָבגערופען צו זיין פאָטער. „איך מיין, מיר זיינען, דוכט זיך, גוט געננוג אָהן דעם דאָזיגען שטיין."

„און אַ וואָרט דיר אין אויער," האָט געענטפערט דער פאָטער. „איך בין אויך מיט דערזעלבער מיינונג; אָבער אַז די צייהן זיינען פערמאַכט איז די צונג ווי ביי זיך אין דערהיים." און ער האָט אַ שמייכעל געטהאָן צו דעם קעניג, וואָס איז געווען אַ פריסטער.

אָבער דער עלטערער זוהן איז געפאַלען אויף די פיס און האָט אָנגערופען דעם קעניג, וואָס איז געווען אַ פריסטער, מיט דעם נאָמען פאָטער. „וואָרים צי איך וועל הייראַטהען דאָס מיידעל אָדער ניט," האָט ער געזאָגט, „איך וועל אייך סיי ווי סיי רופען פאָטער, אוים ליעבע צו אייער חכמה; און איצט פאָהר איך אַרויס אין דער וועלט זוכען דעם פראָביר־שטיין."

דאַן האָט ער גענומען אָבשיעד און איז אַרויסגעריטען אין דער וועלט.

„איך מיין, איך וועל אויך פאָהרען," האָט זיך אָבגערופען דער

יונגערער זוהן, „אויב דו וועסט מיר ערלויבען. וואָרים מיין האַרץ געהט אויס פאַר'ן מיידעל."

„דו וועסט פאָהרען אַהיים מיט מיר," האָט דער פאָטער גע־ענטפערט.

ער איז אַלזאָ געפאָהרען אַהיים, און אַז זיי זיינען אָנגעקומען אין שלאָס, האָט דער קעניג אַריינגעפיהרט זיין זוהן צו זיך אין שאַץ־קאַמער. „אָט דאָ," האָט ער געזאָגט, „איז דער פּראָביר־שטיין, וואָס צייגט די וואַהרהייט; וואָרים ס'איז ניטאָ קיין אַנדער אמת, נור דער איינפאַכער אמת; און אַז דו וועסט אַריינקוקען אין דעם, וועסט דו זיך זעהן אַזוי ווי דו ביסט."

און דער יונגערער זוהן האָט אַריינגעקוקט דערין און האָט גע-זעהן זיין געזיכט פּונקט ווי עס איז געווען, דאָס געזיכט פון אַ יונגען בחור'ל אָהן אַ באָרד, און ער איז געווען זעהר צופריעדען; וואָרים ס'איז ניט געווען קיין אַנדער זאַך, נור אַ שטיקעל שפּיגעל.

„ס'איז אפילו ניט אַזאַ גרויסע זאַך, מען זאָל מאַכען דערפון אַ וועזען," האָט ער געזאָגט; „נאָר אויב דאָס וועט מיר פערשאַפען דאָס מיידעל, וועל איך זיך קיינמאָל ניט בעקלאָגען. אָבער וואָס פאַר אַ נאַר מיין ברודער איז דאָס, זיך אַרויסצולאָזען אויף דער וועלט דאַן, ווען דער פּראָביר־שטיין געפינט זיך די גאַנצע צייט אין דערהיים!"

דאַן זיינען זיי צוריקגעפאָהרען צו דעם אַנדערן שלאָס און גע־וויזען דעם קעניג, וואָס איז געווען אַ פּריסטער, דעם שפּיגעל; און אַז ער האָט אַ קוק געטהאָן דערין און געזעהן זיך אַליין ווי אַ קעניג, און זיין הויז ווי אַ קעניג'ס הויז, און אַלע זאַכען פּונקט ווי זיי זיינען אין דער ווירקליכקייט, האָט ער אויפגעהויבען זיין קול און געלויבט גאָט. „וואָרים איצט ווייס איך," האָט ער געזאָגט, „אַז עס איז ניטאָ קיין אַנדער וואַהרהייט, נור די איינפאַכע וואַהרהייט; און איך בין ווירקליך אַ קעניג, ניט קוקענדיג דערויף וואָס מיין האַרץ האָט מיך געמאַכט צווייפלען דערין." און ער האָט אַרונטערגעוואָרפען זיין טעמפּעל און אויפגעבויט אַ נייעם; און דאַן האָט דער יונגערער זוהן חתונה געהאַט מיט דעם קעניג'ס טאָכטער.

אין דער צייט איז דער עלטערער זוהן אַרומגעפאָהרען איבער דער וועלט, זוכען דעם שטיין צו פּרובירען דעם אמת; און ווען ער פלעגט נור אָנקומען אין אַ פּלאַץ, וואו מענשען האָבען געוואוינט,

פּלעגט ער זיך נאָכפּרעגען ביי זיי, צי זיי האָבען ניט געהערט דערפון, און איבעראַל האָבען די מענשען געענטפערט: „ניט נור האָבען מיר געהערט דערפון, נאָר מיר אַליין האָבען עס, און עס היינגט לעבען אונזער קאַמין ביז אויף היינטיגען טאָג.״ דאַן פּלעגט דער עלטערער זוהן זיין גליקליך און בעטען, מען זאָל עס איהם ווייזען. און צייטענווייז איז דאָס געווען אַ שטיק שפּיגעל, וואָס האָט געצייגט דאָס שיינבאַרע פון יעדער זאַך; און דאַן פּלעגט ער זאָגען: „דאָס קען קיינמאָל ניט זיין, וואָרים דאָ דאַרף זיין מעהר ווי שיינבאַרקייט.״ און צייטענווייז איז דאָס געווען אַ שטיק קויהל, וואָס האָט גאָרנישט געצייגט; און דאַן פּלעגט ער זאָגען: „דאָס קען קיינמאָל ניט זיין, וואָרים ווייניגסטענס דאַרף דאָך דאָס ווייזען עטוואָס שיינבאַרעס.״ און צייטענווייז איז דאָס ווירקליך געווען אַ פּראָביר-שטיין, שעהן אין פאַרב, פערציערט און געשליפען, די ליכט-שטראַהלען פונאַנדערפאַלענדיג אין זיינע זייטען; און ווען ער פּלעגט געפינען אַזאַ מין שטיין, פּלעגט ער בעטען, מען זאָל עס איהם געבען, און די מענשען פון יענע געגענדען זיינען געווען גוטהערציג און זיי האָבען איהם קיינמאָל ניט ענטזאָגט; אַזוי אַז זיין רייזע-זאַק איז פול געווען מיט די שטיינדלאַך, און זיי האָבען זיך אָנגעקלאַפּט איינע אָן די אַנדערע און געקלונגען, בשעת ער האָט געריטען. און אַז ער האָט זיך אָבגעשטעלט אין מיטען וועג, כדי זיך אויסצורוהען, פּלעגט ער זיי אַרויסנעהמען און זיי אויספּרובירען אַזוי לאַנג, ביז וואַנען זיין קאָפּ האָט זיך איהם אָנגעהויבען צו דרעהען, ווי די פליגלען אויף אַ ווינד-מיהל.

„אַ מגפה אויף דעם גאַנצען עסק!״ האָט געזאָגט דער עלטערער זוהן, „וואָרים איך זעה גאָר קיין סוף ניט דערצו. דאָ האָב איך דעם רויטען, און דאָ דעם בלויען און דעם גרינעם; און ביי מיר אין די אויגען ווייזען זיי אַלע אוים גרויסאַרטיג, און דאָך שטייגט איינער אַריבער דעם אַנדערן. אַ מגפה אויף דעם גאַנצען געשעפט! ווען עס וואָלט ניט געווען פאַר דעם קעניג, וואָס איז אַ פריסטער, און וועמען איך האָב גערופען פאָטער, און ווען עס וואָלט ניט געווען פאַר דער שעהנער יונגפרוי פון׳ם שלאָס, וואָס מאַכט מיין מויל זינגען און מיין האַרץ אויפלויפען פאַר פרייד, וואָלט איך זיי די מינוט אַלע אַריינגעוואָרפען אין דעם געזאַלצענעם ים, און וואָלט זיך אומגעקעהרט אַהיים און געוואָרען אַ קעניג ווי אַלע אַנדערע.״

אָבער ער איז געווען ווי דער יעגער, וואָס האָט דערזעהן אַ הירש אויף אַ באַרג, אַזוי אַז עס קען ווערן נאַכט, און דאָס פייער קען אָנגעצונדען ווערן, און די ליכט קענען שיינען ביי איהם אין הויז; נאָר איהם געהט קיין זאַך ניט אָן; דער וואונש צו כאַפּען דעם הירש איז איינציג אין זיין ברוסט.

נו, נאָך פיעל יאָהרען איז דער עלטערער זוהן צוגעקומען צום ברעג פון אַ געזאַלצענעם ים; און ס'איז געווען נאַכט, און אַ ווילדער פּלאַץ, און דער ים האָט מורא'דיג געראַושט. מיט אַמאָל האָט ער דערזעהן אַ הויז און אַ מאַן, וואָס איז געזעסען דאָרט ביי אַ ליכט, וואָרים ער האָט ניט געהאַט קיין פייער. איז דער עלטערער זוהן אַריינגעקומען צו איהם, און דער מאַן האָט איהם געגעבען וואַסער צו טרינקען, וואָרים ער האָט ניט געהאַט קיין ברויט; און אַז מען האָט גערעדט צו איהם, האָט ער געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ, וואָרים ער האָט ניט געהאַט קיין ווערטער.

„האָסט דו דעם פּראָביר־שטיין פון דער וואַהרהייט?" האָט גע-פרעגט דער עלטערער זוהן; און אַז דער מאַן האָט אַ שאָקעל גע-טהאָן מיט'ן קאָפּ, האָט יענער אויסגערופען: „איך מיין, אַז איך קען וויסען, וואָס דער פּראָביר־שטיין איז. איך האָב אַ גאַנצען רייזע-זאַק פול מיט זיי!" און רערביי האָט ער זיך צולאַכט, הגם עס איז איהם געווען שווער אויף'ן האַרצען.

אָבער אין דער רגע האָט זיך דער מאַן אויך צולאַכט, און פון זיין געלעכטער איז דאָס ליכט אויסגעלאָשען געוואָרען.

„שלאָף," האָט דער מאַן געזאָגט, „וואָרים איצט, דיינק איך, האָסט דו שוין גענוג אַרומגעוואַנדערט; און דיין זוכען איז געענדיגט, און מיין ליכט איז אויסגעלאָשען."

אויף מאָרגען אין דערפריה האָט איהם דער מאַן געגעבען אין דער האַנד אַריין אַ קלאָהרען קיזעל, אַ זאַמד־שטיין, און עס האָט ניט געהאַט קיין שעהנקייט און ניט קיין פאַרב; און דער עלטערער זוהן האָט געקוקט דערויף בייז און געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ; און ער איז אַוועק זיין וועג, וואָרים ס'האָט איהם אויסגעזעהן אַ קנאַפּע מציאה.

יענעם גאַנצען טאָג איז ער געפאָהרען אויף'ן פערד, און זיין האַרץ איז איהם געווען רוהיג, און דער וואונש צו דערגרייכען זיין

ציעל אָבגעשוואַכט. „ווי איז אַשטייגער, אַז אָט דער אָרעמער קיזעל איז נאָך אַלעם דעם טאַקע דער פּראָביר-שטיין?" האָט ער געזאָגט; און ער איז אַרונטער פון זיין פערד און האָט אויסגעליידיגט דעם גאַנצען רייזע-זאַק. אַצונד, ליגענדיג איינע לעבען די אַנדערע, האָבען אַלע פּראָביר-שטיינער פערלאָרען זייער פאַרב און פייער און האָבען אויסגעזעהן מאַט ווי שטערען אין פריה-מאָרגען; אָבער אין'ם ליכט פון'ם קיזעל איז זייער שעהנקייט געבליבען, נור דער קיזעל איז געווען ליכטיגער פון זיי אַלע. און דער עלטערער זוהן האָט זיך אַ קלאַפּ געטהאָן אָן שטערן. „ווי איז, אַז דאָס איז די וואַהרהייט?" האָט ער אויסגערופען, „אַז אַלע זיינען אַביסעל וואָהר?" און ער האָט גענומען דאָס זאַמד-שטיינדעל און האָט עס אָנגעשטעלט אויף'ן הימעל, און דער הימעל איז געוואָרען טיעף אַרום איהם ווי דער אָבגרונד; און ער האָט עס אָנגעשטעלט אויף די בערג, און די בערג זיינען געווען קאַלט און שאָרסקע, דאָך האָט עס אויף זיי געקישעט מיט לעבען; און ער האָט עס אָנגעשטעלט אויף'ן שטויב, און זיין האַרץ האָט געציטערט פאַר פרייד און שרעק; ער האָט עס אָנגעשטעלט אויף זיך אַליין, און האָט זיך אַרונטערגעלאָזט אויף די קניע און געבעטען גאָט.

„נו, גאָט זיי דאַנק," האָט געזאָגט דער עלטערער זוהן, „איך האָב געפונען דעם פּראָביר-שטיין; און אַצונד קען איך זיך אומקעהרען אַהיים צום קעניג און צו דער יונגפרוי פון'ם שלאָס, וואָס מאַכט מיין מויל זינגען און מיין האַרץ אויפלויפען פאַר פרייד."

אַז ער איז צוגעקומען צום שלאָס, האָט ער געזעהן, ווי קינדער שפּילען זיך ביים טויער, דאָרט וואו דער קעניג איז איהם אַרויס אַנטקעגען אַמאָל מיט יאָהרען צוריק; און דאָס האָט פערשטערט זיי פרייד, וואָרים ער האָט זיך געטראַכט ביי זיך אין האַרצען: „אָט דאָ וואָלטען איצט מיינע קינדער געדאַרפט שפּיעלען." און אַז ער איז אַריינגעקומען אינעווייניג אין שלאָס, האָט ער געזעהן, ווי זיין ברודער זיצט אויף'ן הויכען טראָהן און די יונגפרוי לעבען איהם; און דערביי איז ער געוואָרען פול מיט צאָרן, וואָרים ער האָט געטראַכט ביי זיך אין האַרצען: „דאָס האָב איך דאָס געזאָלט זיצען דאָרט, און די יונגפרוי לעבען מיר."

„ווער ביזט דו?" האָט זיין ברודער געפרעגט. „און וואָס טהוסט דו אין שלאָס?"

„איך בין דיין עלטערער ברודער,” האָט ער געענטפערט. „און איך בין געקומען הייראַטען די יונגפרוי, וואָרים איך האָב געפונען דעם פּראָביר־שטיין פון דער וואַהרהייט.”

דאַן האָט זיך דער יונגערער ברודער צולאַכט אויף'ן קול.

„וואָס הייסט,” האָט ער געזאָגט, „איך האָב שוין מיט יאָהרען צוריק געפונען דעם פּראָביר־שטיין און געהייראַט די יונגפרוי און דאָרט זיינען אונזערע קינדער, וועלכע שפּיעלען זיך ביים טויער.”

אַצונד איז דער עלטערער ברודער געוואָרען גראָה ווי דער אויפגאַנג פון טאָג. „הלואי זאָלסט דו האָבען געהאַנדעלט גערעכט,” האָט ער געזאָגט, „וואָרים איך פיהל, אַז מיין לעבען איז פערלאָרען.”

„גערעכט?” רופט זיך אָב דער יונגערער ברודער. „נו, אַודאי פּאַסט עס פאַר דיר, וואָס דו ביזט אַן אונרוהיגער מענש און אַן אַרומטרייבער, צו צווייפלען אין מיין גערעכטיגקייט, אָדער אין דער גערעכטיגקייט פון מיין פאָטער דעם קעניג, וואָס מיר זיינען זיצ־האַפטע מענשען, בעקאַנט אין דעם גאַנצען לאַנד!”

„הער אויס,” האָט געזאָגט דער עלטערער ברודער, „דו האָסט אַלעם אַנדערע, האָב אַביסעל געדולד אויך; און לאָמיך דיר זאָגען, אַז די וועלט איז פול מיט פּראָביר־שטיינער, און עס איז ניט אַזוי לייכט צו בעשטימען, וועלכער איז וואַהר.”

„איך האָב זיך ניט וואָס צו שעהמען מיט מיינעם,” האָט געזאָגט דער יונגערער ברודער. „אָט איז ער, און קוק זיך איין אין איהם.”

דאַן האָט דער עלטערער ברודער אַ קוק געטהאָן אין שפּיגעל, און ער איז געבליבען ערשטוינט פאַר שרעק; וואָרים ער איז געווען אַן אַלטער מאַן מיט ווייסע האָר אויף'ן קאָפּ; און ער האָט זיך אַנידערגעזעצט אין מיטען זאַאַל און זיך צואוויינט אויף'ן קול.

„נו,” האָט דער יונגערער ברודער געזאָגט, „זעה, וואָס פאַר אַ נאַרישע ראָלע דו האָסט געשפּיעלט דערמיט, וואָס דו ביזט אויסגע־לאָפען די גאַנצע וועלט, זוכענדיג דאָס וואָס איז געלעגען ביי אונזער פאָטער אין שאַך־קאַמער, און דו ביזט צוריקגעקומען אַן אַלטער, אָבגעריסענער מאַן, איינזאַם, אָהן אַ הויז און אָהן אַ קינד. און איך, וואָס איך בין געווען געהאָרכזאַם און קלוג, זיץ דאָ געקרוינט מיט גוטע מדות און מיט אַלערליי תענוגים, צופריעדען און גליקליך.”

„איך מיין, דו האָסט אַ בייזע, גרוויזאַמע צונג,” האָט געזאָגט

דער עלטערער ברודער; און ער האָט אַרויסגענומען דעם קלאָהרען קיזעל-שטיין און האָט איהם אָנגעשטעלט אויף זיין ברודער; און ער האָט געזעהן, אַז דער מאַן זאָגט ליגען, זיין זעעלע איז געווען איינגעשרומפּען און קליין ווי אַן אַרבעס, און זיין האַרץ איז געווען אַ זעקעל מיט קליינע שרעקען ווי סקאָרפּיאָנען, און די ליעבע איז געוועזן טויט ביי איהם אין ברוסט. און דאָס זעהענדיג האָט דער עלטערער ברודער אַ געשריי געטהאָן אויף'ן קול און אָנגעשטעלט דאָס שטיינדעל אויף דער יונגפרוי, און—גאָט! זי איז געווען בלויז אַ מאַסקע פון אַ פרוי, און אינעווייניג איז זי געווען טויט, און זי האָט געשמייכעלט פונקט ווי אַ זייגער קלאַפּט, ניט וויסענדיג פאַרוואָס און פאַר ווען.

„אָה, אַזוי!" האָט דער עלטערער ברודער געזאָגט. „ווי איך זעה, איז פאַרהאַן ביידעס, אי גוטס אי שלעכטס. טאָ לעבט זיך אייך אַלע אַזוי גוט ווי איהר קענט דאָ אין שלאָס! אָבער איך געה וויי‍טער אַרויס אין דער וועלט מיט מיין קיזעל-שטיינדעל אין טאַש."

# דאס ליעד פון'ם מארגען.

דער קעניג פון דונטרין האט געהאט א טאָכטער אויף דער עלטער, און זי איז געווען די שעהנסטע קעניגס־טאָכטער צווישען צוויי ים'ען; איהרע האָר זיינען געווען ווי גאָלד־געשפונען, און איהרע אויגען ווי שטערען, אָבגעשפיגעלט אין א טייך; און דער קעניג האט איהר געגעבען א שלאָס ביים ברעג ים, מיט אַ באַלקאָן, און אַ הויף פון געטשעשעטע שטיינער, און פיער טהורעמס ביי די פיער ווינקלען. דאָ האָט זי געוואוינט און איז אויסגעוואַקסען, און האָט ניט געהאַט קיין זאָרגען פאַר דעם מאָרגען און קיין מאַכט איבער דער שטונדע, נאָך דעם שטייגער פון פראָסטע מענשען.

נו, האָט זיך געמאַכט, אַז זי האָט איין טאָג שפּאַצירט ביים ברעג ים; ס'איז געווען אָסיען־צייט, און דער ווינד האָט זעהר שטאַרק געבלאָזען; און אויף איין זייט פון איהר האָט דער ים געראוישט, און אויף דער אַנדערער זייט זיינען אַרומגעפלויגען די טויטע הערבסט־בלעטער. דאָס איז געווען דער איינזאַמסטער ברעג צווישען צוויי ים'ען, און מאָדנע זאַכען זיינען דאָרט אָבגעטהאָן געוואָרען אין די אַלטע צייטען.

מיט אַמאָל האָט דעם קעניג'ס טאָכטער דערזעהן אַן אַלטע פרוי, וואָס איז געזעסען ביים ברעג ים. די שוימענדע כוואַליעס האָבען זיך אָנגעשלאָגען אָן איהרע פיס און די טוידטע בלעטער האָבען געקישעט אַרום איהר רוקען, און די טראַנטעס, וואָס זי האָט גע־טראָגען, האָבען אין דעם שטאַרקען ווינד אַרומגעפלאַטערט אַרום איהר געזיכט.

„נאַ,” האָט געזאָגט דעם קעניג'ס טאָכטער, און זי האָט אָנגע־

רופֿען אַ הייליגען נאָמען, „דאָס איז די אונגליקליכסטע אַלטע פֿרוי צווישען צוויי ים׳ען.״

„טאָכטער פֿון אַ קעניג,״ האָט די אַלטע פֿרוי געזאָגט, „דו וואוינסט אין אַ שטיינערן הויז, און דיינע האָר זיינען ווי גאָלד; אָבער וואָס האָסט דו דערפֿון? דאָס לעבען איז ניט לאַנג, אויך ניט שטאַרק; און דו לעבסט נאָך דעם שטייגער פֿון פּראָסטע מענשען, און דו האָסט ניט קיין זאָרגען פֿאַר דעם מאָרגען און קיין מאַכט איבער דער שטונדע.״

„זאָרגען פֿאַר דעם מאָרגען, דאָס האָב איך,״ האָט געזאָגט דעם קעניג׳ס טאָכטער; „אָבער מאַכט איבער דער שטונדע, דאָס האָב איך ניט.״ און זי איז פֿערזונקען אין געדאַנקען.

דאַן האָט די אַלטע פֿרוי אַ פּאַטש געטהאָן מיט איהרע מאָגערע הענד און האָט זיך צולאַכט ווי אַ טשאַיקע. „אַהיים!״ האָט זי אויס־געשריען. „אָה, דו קעניגס־טאָכטער, אַהיים אין דיין הויז פֿון שטיין; וואָרים די ביינקעניש איז איצט געקומען איבער דיר, דו קענסט שוין מעהר ניט לעבען נאָך דעם שטייגער פֿון פּראָסטע מענשען. גיעה אַהיים, און אַרבייט און לייד, ביז עס וועט קומען די גאַבע, וואָס וועט דיך מאַכען געבעהרען, און ביז עס וועט קומען דער מאַן, וואָס וועט דיך ברייגגען צום זאָרגען און קלעהרען.״

דעם קעניג׳ס טאָכטער האָט מעהר קיין צערעמאָניעס ניט געמאַכט, נאָר האָט זיך אומגעקעהרט און איז אַוועק אין דער שטיל אַהיים. און אַז זי איז געקומען צו זיך אין צימער האָט זי געשיקט רופֿען איהר ניאַנקע.

„ניאַנקע,״ האָט דעם קעניג׳ס טאָכטער געזאָגט, „ס׳איז געקומען די צייט, ווען איך האָב אָנגעהויבען זאָרגען פֿאַר דעם מאָרגען, אַזוי אַז איך קען שוין מעהר ניט לעבען נאָך דעם שטייגער פֿון פּראָסטע מענשען. זאָג מיר, וואָס איך דאַרף טהאָן, כדי צו האָבען די מאַכט איבער דער שטונדע.״

דאַן האָט די ניאַנקע אַ קרעכץ געטהאָן, און עס האָט געקלונגען ווי אַ זאַווערוכע. „וועה!״ האָט זי געזאָגט, „אַז דאָס זאָל האָבען געטראָפֿען! אָבער ס׳איז פֿערפֿאַלען, דער געדאַנק איז אַריין צו דיר אין מוח, און עס איז ניטאָ קיין תרופה געגען דעם געדאַנק. זאָל אַלזאָ זיין ווי דו ווילסט; הגם מאַכט איז וויינינגער ווי שוואַכקייט,

דאָך מאַכט זאָלסט דו האָבען; און הגם דער געדאַנק איז קעלטער ווי דערווינטער, דאָך זאָלסט דו עס אויסדיינקען ביז'ן סוף."

איז דעם קעניג'ס טאָכטער אַלזאָ געזעסען אין איהר געוועלבטען צימער אין דעם שטיינערנעם הויז, און זי האָט געדיינקט איבער דעם געדאַנק. ניין יאָהר איז זי געזעסען; און די כוואַליעס פֿון ים האָבען זיך אָנגעשלאָגען אָן באַלקאָן, און די טשאַיקעס האָבען געקוויטשעט אַרום די טהורעמס, און דער ווינד האָט געפּייפֿט אין די קוימענס פֿון'ם הויז. ניין יאָהר איז זי ניט אַרויס אויף דרויסען, האָט ניט פֿער־זוכט די ריינע, פֿרישע לופֿט, האָט ניט געזעהן גאָט'ס הימעל. ניין יאָהר איז זי געזעסען און האָט ניט געקוקט ניט רעכטס און ניט לינקס, האָט ניט געהערט קיין וואָרט פֿון קיינעם, נאָר געדיינקט איבער די זאָרגען פֿון'ם מאָרגען. און איהר ניאַנקע האָט איהר גע־פֿלעגט און געשפּייזט אין דער שטיל, און זי האָט גענומען די שפּייז מיט איהר לינקער האנד, און האָט עס געגעסען אָהן אַ טיש־געבעט.

ענדליך זיינען די ניין יאָהר אַריבער, און איינמאָל אין אַ דונ־קעלען אָבענד אין הערבסט, האָט זיך דערהערט אַ מאָדנער קלאַנג אין ווינד, ווי דער קלאַנג פֿון אַ פּייפֿעל. דאָ האָט די ניאַנקע אויפֿ־געהויבען איהרע פֿינגער אין דעם געוועלבטען הויז.

„איך הער אַ קלאַנג אין ווינד," האָט זי געזאָגט, „דאָס איז ווי דער קלאַנג פֿון אַ פּייפֿעל."

„ס'איז בלויז אַ שוואַכער קלאַנג," האָט דעם קעניג'ס טאָכטער געזאָגט, „אָבער דאָך איז ער שטאַרק גענוג פֿאַר מיר."

און זיי זיינען אַרונטער צו די טהירען פֿון'ם הויז, און האָבען זיך געלאָזט געהן איבער'ן ברעג ים. און די כוואַליעס האָבען גע־שלאָגען אויף איין זייט, און אויף דער אַנדערער זייט זיינען אַרומ־געלאָפֿען די טויטע בלעטער; און די וואָלקענס האָבען זיך אַרומגע־יאָגט אין הימעל, און די טשאַיקעס זיינען אַרומגעפֿלויגען אַהין און אַהער. און אַז זיי זיינען צוגעקומען צו יענעם טהייל פֿון ברעג, וואו מאָדנע זאַכען זיינען אָבגעטהאָן געוואָרען אין די אַלטע צייטען, האָבען זיי דערזעהן די אַלטע פֿרוי, און זי האָט געטאַנצט ווי אַ פֿעררירקטע.

„פֿאַרוואָס טאַנצט דו אַזוי ווי אַ פֿעררירקטע, דו אַלטע פֿרוי?" האָט געפֿרעגט דעם קעניג'ס טאָכטער; „דאָ אויף דעם אומעטיגען ברעג, צווישען די כוואַליעס און די טויטע בלעטער?"

„איך הער אַ קלאַנג אין ווינד, וואָס איז ווי דער קלאַנג פֿון אַ פֿײַפֿעל,״ האָט זי געענטפֿערט. „און דערפֿאַר טאַנץ איך ווי אַ פֿער־ריקטע. וואָרים עס קומט די גאַבע, וואָס ווערט דיך מאַכען געבעהרען, און עס קומט דער מאַן, וואָס מוז דיר ברײַנגען צום זאָרגען און קלעהרען. אָבער פֿאַר מיר איז שוין געקומען דער מאָרגען, וועגען וועלכען איך האָב געדיינקט, און די שטונדע פֿון מיין מאַכט.״

„ווי קומט עס, אַלטע פֿרוי,״ האָט געפֿרעגט דעם קעניג׳ס טאָכטער, „וואָס דו פֿלאַטערסט ווי אַ שמאַטע, און דו ווערסט בלאַס פֿאַר מיינע אויגען ווי אַן אָבגעשטאָרבען הערבסט-בלעטעל?״

„ווייל דער מאָרגען איז געקומען, וועגען וועלכען איך האָב געטראַכט, און די שטונדע פֿון מיין מאַכט,״ האָט געענטפֿערט די אַלטע פֿרוי; און זי איז אַנידערגעפֿאַלען אויף׳ן ברעג, און — זעה! זי איז בלויז געווען אַ הויפֿען שטיינגלאַך פֿון׳ם ים-גראָז, און שטויב פֿון׳ם ים-זאַמד, און די זאַמד-ווערימלאַך האָבען אַרומגעשפּרונגען אויף דעם פּלאַץ, וואו זי איז פֿריהער געזעסען.

„דאָס איז די זאָנדערבאַרסטע זאַך, וואָס האָט ווען געטראָפֿען צווישען צוויי ים׳ען,״ האָט געזאָגט דעם קעניג׳ס טאָכטער פֿון דונטרין.

אָבער די ניאַנקע האָט אויסגעבראָכען אין אַ געוויין און געזיפֿצט און געקרעכצט ווי אַ הערבסט-שטורם. „איך קען ניט אַריבערטראָגען דעם ווינד,״ האָט זי געזאָגט; און זי האָט געקלאָגט אויף איהרע טעג און יאָהרען.

מיט אַמאָל האָט דעם קעניג׳ס טאָכטער דערזעהן אַ מאַן אויף׳ן ברעג; ער האָט געטראָגען אַ הויב איבער׳ן קאָפּ, אַזוי אַז קיינער האָט ניט געקענט זעהן זיין געזיכט, און אונטער׳ן אָרם האָט ער געהאַלטען אַ פֿייפֿעל. דער קלאַנג פֿון זיין פֿייפֿעל איז געווען ווי זינגענדע וועספּען, און ער האָט אָבגעהילכט אין די מענשליכע אויערן ווי דער געשריי פֿון ים-פֿויגלען.

„דו ביזט עס דער, וואָס האָט געדאַרפֿט קומען?״ האָט געפֿרעגט דעם קעניג׳ס טאָכטער פֿון דונטרין.

„יאָ, דאָס בין איך,״ האָט ער געזאָגט, „און דאָס איז דער פֿייפֿעל, וואָס מענשען מעגען הערען, און איך האָב די מאַכט איבער דער שטונדע, און דאָס איז די ליעד פֿון׳ם מאָרגען.״ און ער האָט אויסגעפֿייפֿט דאָס ליעד פֿון׳ם מאָרגען, און עס איז געווען אַזוי לאַנג

ווי יאָהרען; און אַז די ניאַנקע האָט עס געהערט, האָט זי זיך צו־וויינט אויף'ן קול.

ס'איז אמת," האָט דעם קעניג'ס טאָכטער געזאָגט, „אַז דו שפּיעלסט די ליעד פון'ם מאָרגען; אָבער אַז דו האָסט די מאַכט איבער דער שטונדע, ווי קען איך דאָס וויסען? ווייז מיר אַ מופת, אַ וואונדער דאָ אויף'ן ברעג פון ים, צווישען די כוואַליעס און די טויטע בלעטער."

און דער מאַן האָט געפרעגט: „אויף וועמען?"

„דאָ איז מיין ניאַנקע," האָט געענטפערט דעם קעניג'ס טאָכ־טער. „זי קען ניט פערטראָגען דעם ווינד. ווייז מיר אַ וואונדער אויף איהר."

און — זעה! די ניאַנקע איז אַנידערגעפאַלען אויף'ן ברעג, און איז פערוואַנדעלט געוואָרען אין אַ פּאָר הויפענס פון טויטע בלעטער, און דער ווינד האָט זיי אַרומגעטריבען אַהין און אַהער, און די זאַמד־ווערימלאַך האָבען אַרומגעטאַנצט צווישען זיי.

„ס'איז אמת," האָט זיך אָבגערופען דעם קעניג'ס טאָכטער פון דונטרין; „דו ביזט דער, וואָס האָט געדאַרפט קומען, און דו האָסט די מאַכט איבער דער שטונדע. קום מיט מיר אין מיין שטיינערן הויז."

זיי זיינען אַלזאָ געגאַנגען ביים ברעג פון ים, און דער מאַן האָט געשפּיעלט אויף זיין פּייפעל דאָס ליעד פון'ם מאָרגען, און די בלע־טער זיינען נאָכגעפלויגען נאָך זיי, ווי זיי זיינען געגאַנגען. דאַן האָבען זיי זיך אַנידערגעזעצט איינער לעבען אַנדערן; און די כוואַליעס פון ים האָבען זיך אָנגעשלאָגען אָן באַלקאָן, און די טשאַיקעס האָבען געשריען אַרום די טהורעמס, און דער ווינד האָט געפּייפט אין די קוימענס פון'ם הויז. ניין יאָהר זיינען זיי געזעסען, און יעדעס יאָהר, ווען דער הערבסט איז געקומען, פלעגט דער מאַן זאָגען: „דאָס איז די שטונדע, און איך האָב אין איהר די מאַכט;" און דעם קעניג'ס טאָכטער האָט געענטפערט: „יאָ, אָבער פּייף מיר אויס דאָס ליעד פון'ם מאָרגען." און ער האָט עס אויסגעפּייפט, און ס'איז געווען לאַנג ווי יאָהרען.

און אַז די ניין יאָהרען זיינען ענדליך אַריבער, איז דעם קעניג'ס טאָכטער פון דונטרין אויפגעשטאַנען פון איהר אָרט, ווי איינער וואָס קומט צו זיך און דערמאָהנט זיך אָן עפּעס; און זי האָט זיך אומ־

געקוקט אַרום זיך אין דעם געוועלבטען הויז; און זי האָט דערזעהן, אַז אַלע איהרע משרתים און דיענסטען זיינען אַוועק; נור דער מאַן מיט׳ן פֿייפֿעל איז געזעסען אויף׳ן באַלקאָן מיט דער האַנד אויף זיין געזיכט; און בעת ער האָט געפֿייפֿט זיינען די בלעטער אַרומגעלאָפֿען איבער׳ן באַלקאָן, און די כוואַליעס פֿון ים האָבען זיך אָנגעשלאָגען אָן דער וואַנד. דאַן האָט זי אַ געשריי געטהאָן צו איהם הויך אויף׳ן קול: „דאָס איז די שטונדע; און לאָמיך זעהן די מאַכט אין איהר.״ און מיט אַמאָל האָט דער ווינד אַרונטערגעבלאָזען די הויב פֿון דעם מאַן׳ס געזיכט, און — זעה! ס׳איז גאָר ניט געווען קיין מאַן דאָרט, נור די קליידער און די הויב און דער פֿייפֿעל זיינען צוזאַמענגעפֿאַלען איינע אויף די אַנדערע אין אַ ווינקעל פֿון באַלקאָן, און די טויטע בלעטער זיינען אַרומגעלאָפֿען איבער זיי.

און דעם קעניג׳ס טאָכטער פֿון דונטרין איז אַרונטער צו יענעם טהייל פֿון ברעג, וואו מאָדנע זאַכען זיינען אָבגעטהאָן געוואָרען אין די אַלטע צייטען; און זי האָט זיך דאָרט אַנידערגעזעצט. די שוי־מענדע כוואַליעס האָבען זיך אָנגעשלאָגען אָן איהרע פֿיס, און די טויטע בלעטער האָבען געקישעט אַרום איהר רוקען, און דער שלייער האָט געפֿלאַטערט אַרום איהר געזיכט אין דעם שטאַרקען ווינד. און אַז זי האָט אויפֿגעהויבען איהרע אויגען, האָט זי געזעהן, ווי די טאָכטער פֿון אַ קעניג קומט אָן, שפּאַצירענדיג איבערן ברעג פֿון ים. איהרע האָר זיינען געווען ווי גאָלד־געשפּונען, און איהרע אויגען ווי שטערען, אָבגעשפּיגעלט אין אַ טייך, און זי האָט ניט געהאַט קיין זאָרגען פֿאַר׳ן מאָרגען און קיין מאַכט איבער דער שטונדע, נאָך דעם שטייגער פֿון פּראָסטע מענשען.

## ענדע.

# אין פערלאג „קונסט", לאנדאן.

איז ביז איצט ערשינען:

## געקליבענע מעשה'לאך פון מולטאטולי.

1) פּאַרוואָרט. 2) דער טהעאַטער מענעדזשער. 3) הויך לעבען. 4) אַ מעשה'לע פון דער אויטאָריטעט. 5) נאָך אַ מעשה'לע פון דער אויטאָריטעט. 6) וויסען איז אַ זינד. 7) דער פּאָטער און דאָס קינד. 8) השגחה. 9) דער גלויבען. 10) קראַטעס דער צווייטער. 11) אונמאָראַליש. 12) כבוד אב ואם. 13) מנהגים. 14) אַ געשפּרעך מיט אַ יאַפּאַנער. 15) דער בריקל. 16) ברעזאָס. 17) ציוויליזאַציאָן. 18) דריי. 19) ניט אין פּראָגראַם. 20) שנעה־בערן אין איטאַליען. 21) געקליבענע געדאַנקען.

געדרוקט אויף אַ פיין פּאַפּיר, מיט אַ בילד פון פערפאַסער.

פּרייז: 5 פּענס; 12 סענט; 25 קאָפּ.

**דאָס גליק**, אַ דראַמאַ אין 3 אַקטען, פון ס. פּשיבישעווסקי.

פּרייז: 4 פּענס; 10 סענט; 20 קאָפּ.

**די לעצטע נאכט**, ערצעהלונג פון וו. סט.־רוימאָנט.

פּרייז: 2 פּענס; 5 סענט; 10 קאָפּ.

**פינסטערניש**, ערצעהלונג פון לעאָניד אַנדרעיעוו.

פּרייז: 7½ פּענס; 15 סענט; 30 קאָפּ.

**קלאַרא מיליטש**, אַ טיעף פּסיכאלאגיש ליעבעס ערצעהלונג, פון א. ס. טורגעניעוו.

פּרייז: 10 פּענס; 20 סענט; 40 קאָפּ.

**א גליק**, פון אַרציבאַשעוו. פּרייז: 1 פּעני; 3 סענט; 6 קאָפּ.

---

A. Golub, 10, Osborn Street, Whitechapel, London, E.

**אזוי האט גערעדט צאראטהוסטרא**, פֿון פֿ. ניעטצשע.

פרייז: 1 שיל. און 3 פענס; 30 סענט; 60 קאָפּ.

(זעה אינהאַלט לעצטע זייטע.)

**דאקטאר דזשייקעל און מיסטער האיד** און אנדערע ערצעהל.

פֿון ראָבערט לואיס סטיווענסאָן.

פרייז: 1 שיל. און 6 פענס; 40 סענט; 80 קאָפּ.

פֿיין געבונדען: 2/6; 90 סענט.

**די שפאלטונגען צווישען שטאאט סאציאליסטען**, פֿון

ו. טשערקעסאָוו. פרייז: 1 פעני; 3 סענט; 6 קאָפּ.

**אנארכיזמוס**, פֿון ענריקאָ מאַלאַטעסטאָ. צווייטע אויפֿלאַגע.

פרייז: 2½ פעני; 8 סענט; 15 קאָפּ.

**אן מיין ברודער דעם בויער**, פֿון עליזע רעקלו. 2-טע אויפל.

פרייז: ½ פעני; 2 סענט; 3 קאָפּ.

**א ויכוח איבער סאציאליזמוס**, פֿון י. פֿין.

פרייז 4 פענס: 10 סענט; 20 קאָפּ.

**די געטער**, פֿון ראָבערט אינגערסאָל. (צווייטע אויפֿלאַגע).

פרייז: 3 פענס; 8 סענט; 15 קאָפּ.

**די טעות'ן פון משה רבינו**, פרייז: 6 פענס; 15 סענט; 20 קאָפּ.

**וואס איז רעליגיאן** און די אָבשטאַרבענדע אמונה.

פרייז: 2 פענס; 5 סענט; 10 קאָפּ.

---

A. Golub, 10, Osborn Street, Whitechapel, London, E.

עס פארבערייטעט זיך צום דרוק

# דער זעלבסטמערדער קלוב



פון ראבערט לואיס סטיווענסאן,



איבערזעצט פון א. פרומקין.

**A. GOLUB,**
10, Osborn Street, Whitechapel London, E, England.

# אינהאלט

פון

# אזוי האט גערעדט צאראטהוסטרא:

די ענטשטעהונג פון „אלזא שפראך צאראטהוסטרא." פון עליזאבעטה פערסטער ניעטצשע. — צאראטהוסטרא'ס פאררעדע: פון'ם איבערמענשען און פון דעם לעצטען מענשען. — צאראטהוסטרא'ס רעדען: מכח די דריי פערוואנדלונגען. — מכח די טוגענד-קאטהעדרא'ס. — מכח די הינטער-וועלטיגע. — מכח די, וואס פעראכטען דעם גוף. — מכח דער פרעהליכקייט און די ליידענשאפטען. — מכח דעם בלייכען פערברעכער. — מכח לעזען און שרייבען. — מכח דעם בוים אויף'ן בארג. — מכח די פריידיגער פון'ם טויט. — מכח קריעג און קריעגס-פאלק. — מכח דעם נייעם געץ. — מכח די פליעגען פון'ם מארק. — מכח דער צניעות. — מכח דעם פריינד. — מכח טויזענד און איין ציעל. — מכח דער ליעבע צום נעכסטען. — מכח דעם וועג פון'ם שאפענדען. — מכח אלטע און יונגע וויבלאך. — מכח דעם ביס פון דער שלאנג. — מכח דעם קינד און דער הייראטה. — מכח דעם פרייען טויט. — מכח דער שיינקענדער טוגענד.

---

די איבערזעצונג פון „אזוי האט גערעדט צאראטהוסטרא" איז א העכסט פרעהליכע ערשיינונג אין דער יודישער ליטעראטור. מיר האבען איצט פרידריך ניעטצשע'ס בעסטע ווערק אין א עכט קינסטלערישער, אמת'ר און טרייער איבערזעצונג פון רודאלף ראקער, און מיר ווינשען דעם בוך דעם ערפאלג וועלכען ער פערדינט.

(אויסצוג פון פרעם מיינונגען.)